# JEWISH TYPOGRAPHY

# AND

# BOOKMAKING ART

*By*

**HERMAN FRANK, Ph.D.**

Published by the

HEBREW-AMERICAN TYPOGRAPHICAL UNION
LOCAL No. 83, I.T.U.

ON THE OCCASION OF ITS 50TH ANNIVERSARY

**NEW YORK**

**1938**

ד"ר. הערמאַן פראַנק

# אידישע טיפּאָגראַפיע
# און
# בוך־אויסאַרבעטונג קונסט

אַרויסגעגעבן פון דער
**אידישער שריפטזעצער יוניאָן, נומ. 83 א. ט. יו.**
צו דער געלעגנהייט פון איר 50־יאָריקן יובילײ

ניו יארק — 1938

# פאָרוואָרט

זייער ווייניק איז ביז איצט געשריבן געוואָרן אין אידיש וועגן דער בוך־דרוקעריי און בוך־אויסארבעטונג בכלל. חוץ דער ליידער ניט פאַרענדיקטער אַרבעט פון דר. י. מ. זאַלקינד ז״ל איבער דער געשיכטע פון אידישער בוך־דרוקעריי, איז מיר אומבאקאַנט וועלכע ס'איז סיסטעמאטישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער טיפּאָגראַפיש־קינסט־לערישער און קולטור־געשיכטלעכער זייט פון אידישן בוך און צייטונג־דרוק.

די ערשטע דריי קאַפּיטלען פון מיין ווערק באַהאַנדלען אין אַלגעמיינע שטריכען, אָבער דאָך אין א פאַקטיש־דעטאַלירטער פאָרם, די געשיכטע פון אידישען דרוק־וועזן אין איראָפּע. דאָס איז ניט בלויז אַ טעמע פאַר אַ העכסט־אינטערעסאַנטן קאַפּיטל פון דער אידישער קולטור־געשיכטע, נאָר אויך אַן עניין וועלכער איז ענג פאַרבונדען מיט אַלע קינסטלעריש־טעכנישע פּראָבלעמען פון אידישן דרוק־וועזן. אידישע טיפּאָגראַפיע, ווי די דרוקעריי־קונסט און מלאכה בכלל, קענען שטודירט ווערן ניט אַנדערש ווי אויף אַ היסטאָרישן באַזיס. אָן אַן אַריינבליק אין די פיינסטע שאַפונגען פון די אידישע דרוקער און בוך־גראַפיקער אין די פריערדיקע צייטן, איז ניט מעגלעך צו קריגן אַ באַגריף פון דער מאָדערנער ווידערגעבורט פון דער אידישער גראַפישער קונסט און עס קען ניט געמאָלט זיין קיין לייזונג פון די טעכניש־קינסטלע־רישע פּראָבלעמען, וואָס באַשעפטיקן איצט די אידישע קינסטלער־דרוקער און בוך־גראַפיקער.

דער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון אידישען דרוק־וועזן אין די קאַרגע 500 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, איז רייך אין דראַמאַטישע און ראָ־מאַנטישע מאָמענטען, וואָס זיינען על פּי רוב געבליבן אומבאַקאַנט אַפילו דעם געבילדעטן, באַלעזענעם עולם. אויף וויפיל דער באַ־שרענקטער פּלאַץ האָט מיר ערלויבט, זיינען אָט די שפּאַנענדיק־אינטערעסאַנטע קולטור־געשיכטלעכע עפּיזאָדן און באַטראַכטונגען אַריינגענומען געוואָרן אין מיין ווערק, ספּעציעל אין די באַמערקונ־גען צום שלוס פון יעדן קאַפּיטל. אָט די ראַנד־באַמערקונגען זיינען ניט קיין טרוקן־אַקאַדעמישע נאָטיצן, נאָר קורצע לעבעדיקע אָפּ־האַנדלונגען מכח פאַקטען און געדאַנקען, וואָס וואָלטען געדאַרפט אַלזייטיקער און ברייטער באַהאַנדלט ווערן.

בלויז עטלעכע ווערטער וועגן נאָמען פון בוך. מיטן אויס־דרוק אידישע טיפּאָגראַפיע ווערט שטענדיק געמיינט דער דרוק

מיט אידישע אותיות אין העברעאיש, אידיש, אידיש־שפּאַניש, אידיש־אַראַביש א. אַז. וו. אונטער דעם אויסדרוק „אידישע טיפּאָגראַפיע" אַלזאָ, דאַרף מען, קודם כל, פאַרשטיין דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון די העברעאישע טיפּאָגראַפישע שריפטן, זייער פאָרם (דיזאַין) זינט דעם יאָר 1475, ווען ס'איז אַרויס פון דרוק־פּרעס דער ערשטער בוך מיט העברעאישע בוכשטאַבן, ביז דער איצטיקער צייט. דער ענין „אידישע טיפּאָגראַפיע" נעמט אויך אַריין די פראַגע פון דער קינסטלערישער אויסגעשטאַלטונג פון די מאָדערנע העברעאישע דרוק־אותיות. נאַטירלעך מוז מען, דעריבער, אין אַ היסטאָריע פון אידישן דרוק־וועזן דערמאָנען די קריסטלעכע דרוקער פון אידישע ספרים, בפרט ווען אַ סך פון זיי האָבן אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַרן אידישן בוך־דרוק, ווי דער לעזער וועט באַלד זען. פאַרקערט, די בוך־אויסאַרבעטונג קונסט ביי אידן איז א געביט וואָס צו אים געהערן אויסשליסלעך טיפּאָגראַפן־אידן, אויב אַפילו זייערע דרוק־שאַפונגען זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ ניט־אידישן אַלף־בית.

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין דאַנק דער ניו יאָרקער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, וועלכע איז לכבוד דעם יום־טוב פון איר 50־יאָריקער עקזיסטענץ געווען גרויסמוטיק גענוג צו מאַכן אַ ביישטייער צו דער אידישער ליטעראַטור וועגן דרוק־וועזן און גראַפישע קונסט ביי אידן. באַזונדערס באַדאַנק איך איר פּרעזידענט, ה. בלום, און אירע מיטגלידער, נ. פּאָמעראַנץ און א. פּאַרגאַמענט, פאַר שאַפן די מעגלעכקייט אַרויסצולאָזן אין בוך־פאָרם אָט די אַרבעט, איבער וועלכער כ'האָב געאַרבעט עטלעכע יאָר, און כ'דריק אויס אַ טיפע אָנערקענונג פאַר דער מיטהילף, דורך ראַט און טאַט, וואָס זיי אַלע, באַזונדערס פר. א. פּאַרגאַמענט, האָבן וואָלונטירט ביי דער טעכנישער אַרבעט פון אַרויסגעבן מיין ווערק.

אין איצטיקן מאָמענט באַמערקט זיך אין אלע עקן פון דער אידישער וועלט ביי די אידישע זעצער און בוך־גראַפיקער אַ פאַרשטאַרקטער אינטערעס צום ענין אידישע טיפּאָגראַפיע און בוך־אויסאַרבעטונג. און אויב מיין קורצע אָפּהאַנדלונג וועט כאָטש אויף וויפיל עס איז קענען העלפן די אַלע, וואָס זוכן דעם וועג צו אַ טיפערער קענטניש פון די טעכניש־קינסטלערישע פּראָבלעמען פון אידישן בוך־דרוק, וועט דאָס זיין אַ גרויסע באַלוינונג פאַר דער מי וואָס איז, פון פאַרפאַסער און די אַרויסגעבער, אין דער איצטיקער אַרבעט אַריינגעטאָן געוואָרן.

ה. פּ.

ניו יאָרק, 15טן נאָוו., 1938.

# אינהאַלט

# רשימה פון אילוסטראַציעס

## אויף באַזונדערע זייטן

זייט



## בילדער אין טעקסט

אויף אַ באַזונדערן בלאַט: די מאָדערנע צייטונג־דרוק טעכניק.




קאָפּ־אָרנאַמענט פון ת נ " ך געדרוקט אין סאָנטשינאָ, 1488

# I

# די ערשטע הונדערט יאָר

בוכדרוקעריי — אַן ערפינדונג, וועלכע איז געמאַכט געוואָרן אין סוף פון דער ערשטער העלפט פון 15טן יאָרהונדערט, האָט אומגעהייער טיף באַאיינפלוסט די אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. אָט די דערפינדונג האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס מענטשלעכע דענקען און האַנדלען, האָט געעפנט נייע גייסטיקע וועלטן פאַר אַלע פעלקער, פונקט ווי די אַנטדעקונג פון אַמעריקע אין סוף פון דער צווייטער העלפט פון דעם 15טן יאָרהונדערט האָט געפירט צו אַן איבערקערעניש אין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צושטאַנד פון דער וועלט. אָט איז איין ביישפּיל. וואָלט דער בוך־דרוק ניט געשאַפן געוואָרן, דאַן וואָלט די אויסאַרבעטונג פון געשליפענע גלעזלעך פאַר אויגן־גלעזער אויך קיין גרויסע אַנטוויקלונג ניט דערגרייכט. במילא וואָלט דאָך ניט מעגלעך געוואָרן צו שאַפן דעם טעלעסקאָפּ און מיקראָסקאָפּ, וועלכע האָבן אַזוי פאַרטיפט און פאַרברייטערט דעם מענטשלעכן קוק אויף דער נאַטור און אויף דעם לעבן בכלל. אויף אַזאַ אופן

האָט די בוכדרוקעריי באמת געעפנט אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט.

ביי אידן איז די ערפינדונג פון בוך־דרוק אויפגענומען געוואָרן מיט אַ גרויסער פרייד און באַגייסטערונג. אין משך פון הונדערטער יאָר, ווען אין דער אַרומיקער וועלט איז דאָס גייסטיק לעבן געווען כמעט אינגאַנצן אויסגעלאָשן, האָבן די אידן געהיט דאָס ליכט פון תורה און חכמה. צו דער גרויסער ירושה פון אַלטערטום, ווי תנ"ך, תלמוד, רעליגיעזע פּאָעזיע און חקירה, איז אין מיטעלאַלטער צוגעקומען אַ גרויסע ליטעראַרישע שאַפונג אופין געביט פון מעדיצין, מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, דקדוק א. אַ. וו. אַ פאַלק מיט אַזוי פיל שריפטלעכע אוצרות האָט געמוזט טיף באַרירט ווערן פון יאָהאַן גוטענבערגס ערפינדונג. און אגב איז דער ערשטער געדרוקטער בוך, גוטענבערגס לאַטיינישע ביבל, אויך געווען די שאַפונג פון אידישן גייסט. אין מאַינץ, וואו גוטענבערג האָט געלעבט און געאַרבעט, איז, ווי אין גאַנץ מערב־דייטשלאַנד, פון דור־דורות שוין געווען אַ גרויסער אידישער ישוב. געוויס זיינען צווישן גוטענבערגס העלפער און תלמידים געווען אויך אידן, פון וועלכע עטלעכע האָבן באַלד פאַרשפּרייט די נייע מלאכה איבער דער גאַנצער אידישער וועלט אין יענער צייט מיט אַ יאָר פיר־הונדערט־פופציג צוריק.

אין די ערשטע געדרוקטע אידישע ספרים געפינען מיר אָן אַ שיעור שבחים און לויב־געזאַנגען לכבוד דער בוך־דרוקעריי. זי ווערט אָנגערופען, פונקט ווי דאָס שרייבן אַ ספר־תורה, אַ „מלאכת שמים" אָדער „מלאכת הקודש". אידישע דענקער פון יענער צייט האָבן קלאָר פאָראויסגעזען, אַז מיט דער הילף פון בוך־דרוק וועט מען דאָס וויסן און די בילדונג קענען פאַרשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט. אַ דאַנק דער בוכדרוקעריי האָבן די אידן, אגב, גע־האָפט צו זיין גוט בכח זיך צו פאַרטיידיקן קעגן זייערע מעכטיקע שונאים. פלעגן דאָך די קאַטוילישע קירך און די וועלטלעכע מאַכט פון יענער צייט רודפ'ן ניט בלויז די אידן, נאָר אויך זייערע גייסטיקע שאַפונגען. אַ גרויסע סגולה קעגן דער דראָענ־דיקער פאַרניכטונג פון אידישע ביכער און ספרים איז טאַקע געווען אָפּצודרוקן און פאַרשפּרייטן וויט און ברייט די געדרוקטע קאָפּיעס פון געשריבענעם ווערק. פאַרקערט, ווידער, די קאַטוילישע קירך איז על פי רוב געווען פיינדלעך געשטימט צו דער דרו־קעריי. די מאָנאַכן אין די קלויסטערס פלעגן פריער גוט פאַרדינען

פון איבערשרייבן די מאַנוסקריפּטן. אין זייערע קרייזן האָט מען דעריבער גוטענבערגס ערפינדונג געהאַסט און איר געגעבן אַזעל־כע נעמען ווי „שוואַרצער כשוף", „טייוולשע קונסט" א. ד. גל.

פון דער גרויסער באַגייסטערונג ביי אידן פאַר דער ניי־געשאַפענער בוך־דרוקעריי איז מען אפילו געקומען צו דער מערקווירדיקער טעאָריע, אַז אידן האָבן שוין טויזנטער יאָר פאַר גוטענבערגן געהאַט געוואוסט פון בוך־דרוק. מען פלעגט ברענגען אַ פּסוק פון איוב (יט, 23): „הלוואי ווערן נאָר אויפגעשריבן מיינע ווערטער! הלוואי ווערן זיי אין אַ בוך פאַרצייכנט! מיט אַן אייזערנער פען און בליי אייביג אין פעלז איינגעהאַקט!" (יהואשס איבערזעצונג). אויך האָט מען כלומרשט געפונען אַ ראיה אין תלמוד בבלי (יומא, 38 ב), וואו ס'ווערט דערציילט ווי אַ כהן, בן־קמצר, האָט דעם שם־המפורש (יהוה) געקענט אָנשרייבן מיט אַלע פיר אותיות פאַראַמאָל. נעמט מען אָן, אַז בן־קמצר האָט געאַרבעט מיט פיר שטעמפּלען אָדער רינגען אויף פיר פינגער און אַן איניציאַל איז אויף יעדן רינג געווען אויסגראַווירט. וויסן מוז מען, אַז נאָך אין די עלטסטע צייטן אין כינע איז מען געווען באַקענט מיטן שטעמפּל־דרוק. אין אייראָפּע גופא פלעגט מען נאָך לאַנג פאַר גוטענבערגן דרוקן פון הילצערנע פלאַטן (פּלעיטס) גאַנצע זייטן פאַראַמאָל. גוטענבערגס געניאַלער, טראָץ זיין גאַנצער איינפאַכקייט, חידוש איז בלויז געווען צו נעמען דרוקן מיט באַוועג־באַרע, צוזאַמענגעזעצטע, שריפט (טאַיפּ). די אַנטדעקונג, כאָטש זי האָט אַלעמען ממש איבערראַשט מיט איר פּשטות, האָט אויפ־געררודערט די גאַנצע וועלט. דאָס באַווייזט בלויז, אַז דער געדאַנקען־גאַנג מכח דער דרוק־טעכניק איז שטענדיג געווען אַ קריכנדיג־לאַנגזאַמער. נאָך אַ ראיה: ס'האָט גענומען אַ פאָר צענדליגער יאָר צו באַגרייפן, אַז מען קען דרוקן פוןביידע זייטן בויגן. פריער פלעגט מען דרוקן צוויי בלעטער אויף איין זייט פּאַפּיר און די בלעטער שפּעטער צוזאַמענקלעפּן. [1]

אין דער נייער טיפּאָגראַפישער מלאכה האָט פון ערשטן טאָג אָן די שיינקייט, זויבערקייט און ריינקייט (פּעלערלאָזיקייט) פון דער בוך־אויסאַרבעטונג פאַרנומען אַ חשוב'ן אָרט. דאָס געדרוקטע בוך איז דעמאָלט נאָך געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון מאַ־נוסקריפּט. די דרוק־אותיות זיינען געווען שטאַרק ענלעך צו דער געשריבענער שריפט. אויך די אַזוי־גערופענע „אילומינאַציעס", די גאָלד און פאַרשידענע קאָלירטע פאַרצירונגען, מיט וועלכע

די „רייכע״ מאַנוסקריפּטן פלעגן פאַרפּוצט ווערן, זיינען נאָך אַ לאַנגע צייט באַנוצט געוואָרן צו פאַרשענערן געדרוקטע ביכער. אין אַ סך פון די ערשטע דרוק־ווערק זיינען די אָנפאַנג־בוכשטאַבן (איניציאַלן) פון די קאַפּיטלען, און אַלע אַנדערע וויכטיקע שטעלן שטאַרק אילומינירט.

און אויך די ערשטע **א י ד י ש ע** דרוקער פלעגן זיך פלייסן צו דרוקן זייערע ביכער אַזוי שיין און פאַרנעם ווי מעגלעך, דערצו זיינען די אידן געווען צוגעגרייט פון פריער. שוין לאַנג פאַר דער גרינדונג פון די ערשטע אידישע דרוקערייען (צווישן 1460 און 1480), זיינען ביי אידן געווען באַליבט און געשעצט יענע מלאכות וואָס האָבן צו טאָן מיט דער גראַפישער קונסט, ווי צייכענען, מאָלען און גראַווירן. באַלד נאָך דעם, ווי שפּיל־קאָרטן זיינען אַריין אין דער מאָדע (מיט איבער 600 יאָר צוריק), האָבן, למשל, אידן אין רהיינלאַנד (דייטשלאַנד) געהאַט אַ גוטע פּרנסה פון אויסמאָלען די קאָרטן. אידן פלעגן אויך באַשאַפן רייך־באַמאָלטע, פאַרצירטע האַנטשריפטן (מאַנוסקריפּטן) פון מגילות, הגדות און כתובות. אויך פראַכט־איינבאַנדן פאַר די אַמאָליקע געשריבענע ספרים האָבן די אידן ניט זעלטן געשאַפן. און די אידן פון מיטעלאַלטער האָבן געהאַט אַ נאָמען פון גרויסע מייסטערס פון גאָלדשטיקערײַ (אויסנייען מיט גאָלדענע פעדים) און אויך ווי גאָלדשמידן און יואוועלירן. דאָס אַלץ האָט געפונען אַ פאַרטזעצונג אין דעם אידישן בוך־דרוק, באַזונדערס אין די ערשטע הונדערט יאָר פון זיין געשיכטע.

די אידישע בוך־דרוקערײַ האָט זיך אָנגעפאַנגען אין סוף פון 15טן יאָרהונדערט אין איטאַליע, אין לאַנד, וואו די קלאַסישע אייראָפּעאישע וויסנשאַפט און קונסט האָט אין יענעם יאָרהונדערט דורכגעמאַכט איר ווידערגעבורט נאָכן לאַנגן שלאָף במשך פון מיטלאַלטער. אין איטאַליע פלעגן די אידן אין יענער צייט זוכן און געפינען אַ רעטונג פון די בלוטיקע רדיפות אין די שכנישע לענדער, ווי שפּאַניע און דייטשלאַנד. אין לאַנד פון „רענעסאַנס״, פון דער ווידער־אויפגעלעבטער קונסט, האָט טאַקע די נייע מלאכה ביי אידן, בוך־דרוקערײַ, דערגרייכט די העכסטע שטופע פון קינסטלערישער פראַכט. דער ערשטער ספר, וואָס איז אַרויס פון אַן אידישער פרעס און מיט אידישע אותיות, איז געווען רש״י׳ס פירוש אויף חומש, געדרוקט פון ר׳ אברהם בן גרטן בן יצחק אין דער קליינער זיד־איטאַליענישער שטעטל רעדזשיאָ די



לא יעשה · לפי שמוחקים האותיות חוזר ונעשה · לכך נקרא מלא מקבת ··



בת הרמב״ם לא ימשכננו דברים שעושי׳ בהן אוכל נפ
נפש ומניח לו מטה ומצע לעשיר וכל הנמצא בירו
חוץ מאילו יבול למשכנו ומחזיר לו לעולם בלי יו
יום ביום ובלי לילה בלילה עד מתי חייב להח
להחזיר ולקח עד עולם היה המשכון מדברים ש
שאין צריך להם ומניחין אותו ללוה הרי זה מניחן
אצלו ליום ומל יום ואילך מוברן בב״ר וס״ש לרב
לדבריו ביון שצריך להניח לו בשעת משכון דברים
הצריכו לו למה מחזירין והלא אין חזרה אלא ברב
בדברי׳ הצריכו׳ לו ואותם הניח לו וגם לדברי הר
הרא״בד ס״ש למה תלה הדבר בדעת הלוה מיסתבר
ספי לתלות בדעת המלוה על כן הוא עיקר במו שכ
שכתבתי ובו כתב א״א הרא״ש ז״ל ע״ה

סדר גביית החוב בר הוא בשהמלוה
מציא שטרות מקויימי׳ בראוי
אומרי׳ ללוה שלם אפי׳ שהת ב
במה שנים ולא תבעו ולא אמרינן מחלו ביון שש
שסתק בל אילו השנים בין ששטר חובו יוצא מת
מתחת ידו בין שאין שטר חובו יוצא מתחת ידו א
אם חחייב מודה ואם בא הלוה בל נכסיו לבניו וב
ובת למלוה הקרקע בל שהו ושתק לא איבד בזה זב
זבותו דלא אמרינן הבי אלא בכתובה אבל בשטר חוב
חוב לא ואא״א הרא״ש ז״ל בת בתשובה שצריך לעש
לעשות הדיין דרישה וחקירה בשטרות ושנים שמוע
שמוציאין אותם למה לא תבעו עד עתה אם יראה
לו צד רמאות בדי להוציא הדין לאמתו ואין יו
יורדין לנבסיו עד שיודיעוהו תחילה אם הוא באן
או במקום קרוב ולקמן יתבאר עד במ׳ נקרא מקום
קרוב ואם טען הדיין והורידו לנכסיו קודם שית
שיתבענו מסלק׳ אות׳ טען הלוה מזוייף הוא ששטר

אויבן: רש״י צום חומש, געדרוקט פֿון ר׳ אברהם בן גרטון בן יצחק, רעדזשיאָ די קאַלאַבריאַ, איטאַליע (⅔ פֿון אָריג. גרויס). פֿאַרגל. מיט איר־לוסטראַציע 1, ז. 81.

רעכטס: ארבעה טורים, געדרוקט פֿון ר׳ משלם קוזי, פּיעווע די סאַקאָ, איטאַליע, (צו צוויי אַזעלכע קאָלומס אויף אַ זייט, אַ ביסל קלענער פֿון אָריגינאַל)

צוויי ווערק געדרוקט אין ערשטן יאָר פֿון אידישער בוכדרוקעריי (1475)

קאַלאַבריאַ, אין יאָר 1475. אין זעלבן יאָר איז אויך אין אַ צווייי־טער קליינער שטאָט, אין נאָרד־איטאַליע, אין פּיאָווע די סאַקאָ, אַרויס פון דרוק אַ צווייטער, גרעסערער ספר — דער „טורים", אַ באַרימטע זאַמלונג פון רעליגיעזע דינים פאַרפאַסט פון ר' יעקב בן אשר. זיין דרוקער איז געווען ר' משולם רפא בן משה יעקב קוסי. וועגןביידע צוויי ערשטע אידישע דרוקערס אין איטאַליע איז אונז לײַדער זייער ווייניג באַקאַנט.[2]

דעם געהויבנסטן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון אידישן דרוק אין איטאַליע פאַרנעמט די דרוקער־משפחה סאָנטשינאָ (שונצין). זי האָט געשטאַמט פון דייטשלאַנד פון דער געגנט, וואו ס'האָט געלעבט גוטענבערג, דער ערפינדער פון בוך־דרוק. דעם איטאַ־ליענישן פאַמיליען־נאָמען סאָנטשינאָ האָט די משפחה באַקומען לויט'ן נאָמען פון דער שטעטל אין לאָמבאַרדיע, נאָרד־איטאַליע, וואו ר' ישראל־נתן בן שמואל האָט די דרוקעריי געגרינדעט אין יאָר 1483. דאָרט האָט ער אָפּגעדרוקט אַ טייל פון תלמוד (מסכת ברכות און בוצא) צוזאַמען מיט פירושים. נאָך זיין טויט (אין 1492) האָבן די דרוקעריי געפירט זיינע זין, ר' יהושע און ר' משה. דער זון פון ר' משה, ר' גרשון בן משה סאָנטשינאָ, איז געווען דער וויכטיקסטער פאָרשטייער פון אָט דער דרוקער־פאַמיליע. אַ זייער געבילדעטער מענש, האָט ער זיך געגעבן די גרעסטע מי צו באַשאַפן די בעסטע מאַנוסקריפּטן פאַר די ספרים, וואָס ער האָט געדרוקט, פלעגט מאַכן לאַנגע רייזעס אין פרעמדע לענדער, ווי פראַנקרייך, און אַנדערע, כדי צו געפינען דעם ריכטיקן כתב־יד, און האָט געגרינדעט אידישע דרוקערייען אין אַ סך שטעט. ר' גרשון שונצין איז געווען דער „וואַנדערנדער איד" פון דער אָנפאַנג־צייט פון אידישן בוך־דרוק, און ווי אַן אָנדייטונג אויף זיין וואַנדער־לעבן פלעגט ער אַליין אָפט אויסלייגן זיין נאָמען „גר־שם". ער איז געשטאָרבן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין יאָר 1534. דאָרט האָט זיין זון, ר' אליעזר, ווייטער געפירט די דרוקעריי ביזן יאָר 1547.

אָבוואָל די סאָנטשינאָס האָבן געדרוקט אויך ניט־אידישע ווערק (אין לאַטייניש און אַנדערע שפּראַכן), זיינען זיי אָבער באַרימט אין דער אידישער קולטור־געשיכטע דערמיט, וואָס זיי האָבן די ערשטע אַרויסגעלאָזן אין בוך־פאָרם דעם גאַנצן תנ"ך, די משנה און אַנדערע קלאַסישע אידישע ספרים, ווי אויך דער־מיט, וואָס אַלע זייערע דרוק־אַרבעטן האָבן זיך אויסגעצייכנט דורך

ואין מבטלין בהם לא שאין מספידין בהם והדס מ

| | |
|---|---|
| מרוט ונבורך כתב | שאין מבטלין' ה |
| האבלות וממו אי' | אבלות נוהג בהן |
| לא בארבעה עש' | ולא בחמשה עש' |
| אלא בארבעה ט | טבעתם לאחר |

שיתפלל בבית
האבל בליל פורי'
ילך לבית הכנסת
לשמוע מקרא מ

| | |
|---|---|
| מגילה וחייב ל | לשלוח מנות וא |
| ואף על פי שאין | מתאבלין בהן מ |
| עולין לו ומטילים | מגילותיו ויחיד כך |
| ויש אומרים שלא | ילך האבל לבה' |

אלא יקרא בבית
וכן חתן לא ילך
בבית הכנסת י"ת
יקרא בביתו ואח'

הרב רבינו מאיר זכרו לברכה כתב כדברי הרב רבי'
מאיר מדוט ·

**תרעט יום ארבעה** כטשרוס ח
חמשה כטיר
שבאחד הראשון מותרים בהספר ובתענית והוא ד',

# אמיר אברהם קטן המשפיעים

ותלמיד הרופאים הנסמך ועידה מן חברייא בכמ"ר

| | |
|---|---|
| שלמה כונת ולהה' | הכותב בכמה קן |
| קולמוסים בלא | מעשה נסי' מעשר |
| יגע ומיכאל | לתורה ית |
| תורה | פיסדע |
| ע | ע |

והשיג זאת המלאכה · לכתוב כהלכה · פערכת כ

| | |
|---|---|
| ע | ע |
| פרוטה | לירות |
| מכרכה א | עד עמודי' |
| בכל יום פעמי' | באהבה ובלב |
| טריבה וארבע עמו' | בפעם אחד משד ב |

ביכר אחד מן הדף בטיר הגדול וכן הארבעה משר

| | |
|---|---|
| ביכר השני עד פי | שימכא היות כתוב ה |
| הדף משדלו | בדלתות ד' פנים |
| בב' פעמי' | וזה מלאכתו |
| כל הי' | הימים |
| ע | ע |
| משר | עשל |
| לכתוב זה | הספר הנה' |

דאָס איז געווען דער דריטער ספר וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין איטאַליע. געזעצט אין אַ פּרעכטיקן קורסיוו־שריפט. אין אָנפאַנג פון דאָזיקן „קאָלאָפאָן" (אויבן לינקס) באַשרייבט דער דרוקער זיך אַליין ווי הכותב בכמה קולמוסים בלא מעשה נסים (דער וואָס שרייבט מיט אַ סך פעדערן אָן נסים). אין דער איבערשריפט לייענען מיר: אמר אברהם קטן המשפיעים.

טור : אורח חיים

מאַנטואַ, איטאַליע, 1476, אברהם כונת (קאָנאַט)

(אויבערשטע דריטל פון לעצטער זייט)

זעלטענע שיינקייט, פיינע טיפּאָגראַפישע אויסאַרבעטונג און פּעלערלאָזיקייט. 137 העברעאישע ווערק, געדרוקט פון 1484 ביז 1547, טראָגען דעם דרוקער־צייכן פון די סאָנטשינאָס, וואָס האָבן געפירט דרוקערייען אין אַ סך שטעט און אין פאַרשידענע לענדער. דער לאָזונג פון אָט דער דרוקער־פאַמיליע איז געווען „כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ משונצינו", און אָט דעם הויכן פּרינציפּ האָבן שטרענג אָפּגעהיט גאַנצע פיר דורות דרוקער.

אין 15טן יאָרהונדערט זיינען אין איטאַליע געווען 69 דרוקערייען, פון זיי אַרום 25 אידישע דרוקערייען אין עלף שטעט. אַ סך פון אָט די אידישע פּרעסן זיינען פּשוט געווען דיזעלבע דרוקן, וואָס פלעגן אַריבערגעטראָגן ווערן פון איין שטאָט אין אַן אַנדערער צוליב רדיפות און גזירות אויף אידן. די מערסטע אידישע דרוקערייען פון יענער צייט זיינען געווען אין קליינע שטעטלעך, וואו מען האָט לייכטער זיך געקענט באַהאַלטן פון די פיינדלעכע אויגן פון דער קאַטאָלישער קירך און אַנדערע שונאים, וועלכע האָבן געלויערט אויף די שפּאַגל־נייע פּאָזיציעס פון אידישן גייסט — דרוקערייען און בוך־פאַרלאַגן (די ערשטע אידישע דרוקער זיינען גלייכצייטיג געווען אויך בוך־פאַרלעגער)

אַ טיף אינטערעסאַנטע, מייסטערהאַפטע כאַראַקטעריסטיק פון די ערשטע אידישע דרוקער און דערהויפּט פון דעם גרעסטן צווישן זיי, ר׳ גרשון שונצין, האָט געגעבן דר. י. מ. זאַלקינד, ז"ל, אין די פאָלגנדע ווערטער:

„שוין דאָס אויסלערנען זיך די דרוקער־מלאכה איז דעם אידישען דרוקער אָנגעקומען שווערער ווי דעם גוי. און דאָך האָבן מאַנכע פון זיי דערגרייכט אַזאַ הויכע שטופע אין דער טעכניק פון דרוקעריי, אַז גרשון סאָנטשינאָ האָט געקענט זיך פאַרגלייכן מיטן קריסטלעכן דרוקער אַלדוס מאַנציוס, דעם פּרינץ פון די ווענעציאַנער דרוקערס, וועמעס נאָמען איז געבליבן פאַר־אייביקט ניט נאָר ווי אַ דרוקער, נאָר אויך אַלס קינסטלער.

„אַ חוץ די בויטיקע טעכנישע קענטענישן האָט זיך אויך געפאָדערט אַן אומגעהייערע סומע געלט פאַר יענע צייטן און אַ געוואַלטיקע געלערנזאַמקייט, וועלכע בלויז יחידי סגולה האָבן געקענט באַזיצן. נאָר אַן אידעאַליסט פון דער העכסטער מדרגה האָט זיך געקענט נעמען צו אַזאַ עסק, וואָס האָט אַזוי פיל פאַר־לאַנגט און אַזאַ קליינעם מאַטעריעלן ערפאָלג צוגעזאָגט. נאָר אַ גרעניצלאָזע, גליהענדע ליבע צום אייגענעם פאָלק און צו זיין

# מאימתי

קורי׳ את שמע בערבי׳ משעה שהכהנ׳ נכנסים לאכול בתרומתן ׳ עד סוף הא האשמורת הראשונה ׳ דברי ר׳ אליעזר וחכמ׳ אומ׳ עד חצות ׳ רבן גמליא׳ אומ׳ עד שיעלה עמוד השחר ״ מעשה ובאו בניו מבית המשתה׳ אמרו לו לא קרינו את שמע ׳ אמ׳ להם אם לא עלה עמוד השחר חייבין אתם לקרות ׳ ולא זו בלבד אמרו אלא כל מה שאמ׳ חכמי׳ עד חצות ׳ מצותו עד שיעלה עמוד הש השחר ׳ הקטר חלבי׳ ואברי׳ מצותן עד שיעלה עמו׳ השחר׳ וכל הנאכלי׳ ליום אחד מצותן עד שיעלה עמוד השחר א״כ למה אמרו חכמים עד חצות כדי ל להרחיק אדם מן העבירה ״

מאימתי קורין את שמע בערבין ׳ משעה שהכהני׳ נכנסי׳ לאכו׳ בתרומת׳ כהני׳ שנטמאו וטבלו והעריב שמשן והגיע עתם לאכול בתרומה: עד סוף האשמורת ה הראשונה שלישי הלילה כדמפר׳ בגמ׳ ומשם ואילך עבר זמן׳ דלא תקרי זמן שכיבה דלא קרינן ביה בשכבך ומקמי הכי נמי לאו זמן שכיבה הוא לפיכ׳ הקורא קודם לכן לא יצא ידי ח חובתו׳ אם כן למה קורין אות׳ בבה״כ כדי לעמוד בתפלה מתוך דברי תורה והכי תני׳ בברייתא בברכו׳ ירושלמי׳ ולפיכך חובה עלינו לקרות משתחשך ובקרי׳ פר׳ ראשונ׳ שאדם קורא על מטתו יצא: עד שיעלה עמוד השחר שכל הלילה קרוי זמן שכיבה: הקטר חלבי׳ ואברי׳ של קרבנו׳ שנזרק דמן ביום : מצותן לעלות כל הלילה ואינן נפסלי׳ בלינה עד שיעלה עמוד השח׳ והן למטה מן המזבח דכתי׳ לא ילין לבקר ׳ חלבים׳ של כל קרבנו׳ ׳ אברי׳ ׳ של עולה: כל הנאכלי׳ ליום אחד כגון חטאת ואשם וכבשי עצרת ומנחו׳ ותודה: מצותן׳ זמן אכילתן עד שיעלה עמוד השח׳ והוא מביאן להיות נותר וכתי׳ בתודה לא יניח ממנו עד בקר וכלם מתודה ילמדו: א״כ למה אמרו חכ חכמי׳ עד חצות בק״ש ובאכילת קדשי׳ : כדי להרחי׳ אדם מן העבירה׳ ואסורין באכילה קודם זמנן כדי שלא יבא לאכלן לאחר עמוד השחר ויתחייב כרת׳ וכן בק״ש לזרז את האדם שלא יאמ׳ יש לי עוד שהות ובתוך כך יעלה עמו׳ השח׳ ועבר לו הזמן והקטר חלבים דקתני הכא לא אמרו בו חכמי׳ עד חצות כלל׳ ולא נקט להו הכא אלא להודיע שכל דבר הנוהג בלילה כשר כל הלילה׳ והכי נמי תנן בפ״ב דמגלה כל הלילה כשר לקצירת העומ׳ ולהקטר חלבי׳ ואברים : גמ׳ היכא

מאימתי קורין וכו׳ פי׳ רש״י ואנן היכי קרינן מבעוד יום׳ ואין אנו ממתינין לצאת הכוכבי׳ כדמפ׳ בגמ׳ ׳ על כן פי׳ רש״י שק״ש שעל המטה עי עיקר׳ והוא לאחר צאת הכוכבי׳ והכי איתא בירו׳ אם קרא קודם לכן לא יצא׳ וא״כ למה אנו מתפ מתפללין ק״ש בבה״כ כדי לעמוד בתפלה מתוך דברי תורה׳ תימ׳ לפי׳ והלא אין העולם רגילין ל לקרות סמוך לשכיב׳ אלא פרש׳ ראשונה וא״כ ג׳ פרשיו׳ היה לו ל לקרות ועו״ק דצריך לברך בק״ש שתים לפניה ושתי׳ לאחריה בע בערבי׳ ׳ ועוד דאותה ק״ש סמו׳ למטה אינו אלא בשבי׳ המזיקי׳ כדאמ׳ בסמוך ואם ת״ח הוא אי׳ אינו צריך ועו״ק דא״כ פסקי׳ כר׳ יהוש׳ בן לוי דאמ׳ תפלו׳ באמצ׳ תקנום׳ פי׳ באמצע׳ בי׳ שני ק״ש׳ בין ק״ש של שחרית ובין ק״ש של ערבית ואנו קי״ל כר׳ יוחנן דאמ׳ לקמן איזהו בן העה״ב זה הסומך גאולה של ערבי׳ לתפילה לכן פר״ת ׳ דאדרב׳ ק״ש של בי׳ הכנס׳ עיקר ואת״ה היאך אנו קורין כ״כ מבעו׳ יום׳ וי״ל דקי״ל כר׳ יהודה דאמ׳ פ׳ תפלת השחר דזמן תפלת מנחה עד פלג המנחה דהיינו י״א שעו׳ פחו׳ רביע׳ ומיד כשיכלה זמן המנחה מתחיל זמן ערבי׳ ׳ וא״ת היאך אנו מתפללי׳ תפלת מנח׳ סמו׳ לחשכה ואפי׳ לאחר פלג המנחה ׳ י״ל דקי״ל כרבנן דאמ׳ זמן תפלת המנחה עד הערבי׳ ואמ׳ לקמן השת׳ דלא אתמ׳ הלכתא לא כמר ולא כמר׳ דעבד כמר עבד ודעבד כמר עבד׳ מ״מ קשי׳ דהוי כתרי חומרי דסתרן אהדדי שהרי מאיזה טעם א׳ אנו מתפללין ערבי׳ מיד לאחר פלג המנחה משו׳ דקי״ל דשעת המנח׳ כלה לדברי ר׳ יהוד׳ ׳ ומי׳ הוי זמן ערבי׳ ׳ ובזמ׳ התפל׳ עצמה׳ לא קי״ל כר׳ יהודה אלא כרבנן׳ ׳ על כן אומ׳ ר״י דודאי ק״ש של בית הכנסת עיקר׳ ואנו שמתפללי׳ ערבי׳ מבעו׳ יום ס״ל כהני תנאי׳ דגמ׳ דאמ׳ משע׳ שקדש היו׳ ונם משע׳ שבני אדם נכנסי׳ להסב׳ דהיינו סעוד׳ ע״ש והיא היתה מבעוד יום׳ ומאות׳ שעה הוי זמן תפלה׳ ונם ראי׳ דרב הוה מצלי של שבת בע״ש ומסתמ׳ גם היה קורא ק״ש מכל אות׳ הראיו׳ משמע דאותו ק״ש של בה״כ הוא עיקר׳ והא דקאמ׳ בירושלמי׳ למה היו קורין בבה״כ וכו׳ ׳ אומ׳ ר״ת שהיו רגילין לקרות ק״ש קודם תפלת׳ כמו שאנו רגילין לומ׳ אשרי תחלה׳ ואותו ק״ש אינו אלא לעמוד בתפלה מתוך דברי תורה ומכאן נראה מי שקורא ק״ש על מטתו שאין לברך׳ וגם אינו צריך לקרות אלא פרשה ראשונה ״ גמ׳

א ב


תלמוד בבלי : ברכות

מיט פירוש רש״י, תוספות און אַנד.

סאנטשינאַ, 1483, יהשוע שלמה בן ישראל שונצין.

(צווייטל פון אָריג. גרויס)

ליטעראַטור האָט געקענט באַוועגן אַ מענטשן אַריינצולייגן אַזוי פיל כוחות אין דער אַרבעט. אונזערע ערשטע „מדפיסים״, די פיאָנערן פון דער טיפאָגראַפישער קונסט ביי אידען, זיינען געווען מלומדים מיט אַן אומגעהייערן אידישן און אַלגעמיינעם וויסן. אַנדערש וואָלטן זיי גאָרניט געווען בכח אויסצופירן דאָס, צו וואָס




דרוקער־צייכן פון ר׳ גרשון שונצין (סאָנטשינאָ)

זייער אידעאַל און מסירת־נפש האָט זיי געטריבן. אַליין מענטשן, וואָס האָבן אויף זייערע רייזעס זיך אָנגעזען אַ וועלט, האָבן זיי נאָך דערצו פאַרמאָגט אַ גאַר גרויסן קינסטלערישן געשמאַק.

„זייענדיק אַ פאַרלעגער און מוכר ספרים, האָט דער דרוקער נאָך געמוזט אַליין פאַרשאַפן דעם אָריגינאַל, די „קאָפּיע״, פאַר די דרוק־ווערק. און דאָ באַווייזט זיך דער גאַנצער ערנסט און די זעלבסטשטענדיקייט פון די ערשטע אידישע דרוקער אין איטאַליע און שפּאַניע. זיי האָבן זיך ניט גענומען גלייך צו „גאַנגבאַרע סחורה״, ווי סידורים, מחזורים א. אַ. וו., נאָר צו ספרים וואָס האָבן געגעבן שטאָף צום דענקען און געהאָלפן אויפ־



ויהי

אחרי מות משה עבד יהוה ויאמר יהוה אל יהושע בן נון משרת משה
לאמר : משה עבדי מת ועתה קום עבר את הירדן הזה אתה וכל העם
הזה אל הארץ אשר אנכי נתן להם לבני ישראל : כל מקום אשר תדרך
כף רגלכם בו לכם נתתיו כאשר דברתי אל משה : מהמדבר והלבנון
הזה ועד הנהר הגדול נהר פרת כל ארץ החתים ועד הים הגדול מבוא
השמש יהיה גבולכם : לא יתיצב איש לפניך כל ימי חייך כאשר הייתי עם
משה אהיה עמך לא ארפך ולא אעזבך : חזק ואמץ כי אתה תנחיל את
העם הזה את הארץ אשר נשבעתי לאבותם לתת להם : רק חזק ואמץ
מאד לשמר לעשות ככל התורה אשר צוך משה עבדי אל תסור ממנו
ימין ושמאל למען תשכיל בכל אשר תלך : לא ימוש ספר התורה הזה
מפיך והגית בו יומם ולילה למען תשמר לעשות ככל הכתוב בו כי אז
תצליח את דרכך ואז תשכיל : הלא צויתיך חזק ואמץ אל תערץ ואל
תחת כי עמך יהוה אלהיך בכל אשר תלך : ויצו יהושע
את שטרי העם לאמר : עברו בקרב המחנה וצוו את העם לאמר הכינו
לכם צדה כי בעוד שלשת ימים אתם עברים את הירדן הזה לבא לרשת את-

**תנ״ך**

סאָנטשינאָ, איטאַליע, 1488, יהושע שלמה בן ישראל שונצין
(אַ העלפט פון דער אָריגינ. גרויס)

קלערן און באַלייכטן דאָס, וואָס איז געווען טונקל, ווי, צום ביישפּיל, די פּירושים פון רש״י, רד״ק, אבן עזרא; צי פילאָזאָ־פישע ווערק, פּאָעטיש־פילאָזאָפישע ספרים א. ד. גל.

„פאַרשטייענדיג אויך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זייער אַרבעט פאַר דער צוקונפט און וואָס פאַר אַ שעדלעכע ווירקונג עס האָבן די פעלערן וואָס גנב׳נען זיך אַריין אין די אידישע דרוקן, האָבן זיי ניט געדרוקט פּראָסט־פּשוט די פילע מאַנוסקריפּטן וואָס זיינען געווען צום קויפן אָדער זיינען צו זיי אין די הענט אַריינגעפאַלן; ניין, זיי פלעגן צוערשט אויספאָרן אַ האַלבע וועלט, אַנשפאַרן אין די וויטסטע מדינות, וואו זיי האָבן,—ניט קוקנדיק אויף די הויכע פּרייזן און שוועריקייטן, מיט וועלכע דאָס אַרומפאָרן איז אין יענער צייט געווען פאַרבונדן פאַר אידן — איינגעקויפט די בעסטע און צופאַרלעסלעכסטע מאַ־נוסקריפּטן. אָט די מאַנוסקריפּטן האָבן זיי, קומענדיק אַהיים, זאָרגפעלטיק פאַרגליכן איינער מיטן אַנדערן, געריניקט זיי פון די טעות׳ן וואָס די קאָפּיסטן (האַנט־שרייבער) האָבן געלאָזן, ביז זיי האָבן, באַנוצנדיג דערביי זייערע אייגענע גרויסע קענטעניש און באַהאַוועוקייט, ענדליך געשאַפן אַ טעקסט וואָס איז אַ מוסטער פון קאַרעקטהייט און פון וויסנשאַפטלעכער גענויקייט, און וואָס דינט עד היום ווי אַ אויטאָריטעט און ווערט פון יעדן אָנערקענט אָן שום שאלות און ספקות.

„אַזאַ אַרבעט וואָלט קיינמאָל ניט געקענט צושטאַנד געבראַכט ווערן, ווען די ערשטע אידישע דרוקערס און קאָרעקטאָרס וואָלטן ניט געהאַט די געוואַלטיקע ערודיציע וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, און ווען ניט קיין גייסטיקע מאָטיוון וואָלטן זיי געטריבן צו דער מלאכה, וועלכע האָט אַזוי פיל געפאָדערט און אַזוי ווייניג געגעבן. צו די ערשטע אידישע דרוקער געהערט אַן ערן־פּלאַץ אין דעם פּאַנטעאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, ווי צו די וואָס האָבן אייגנטלעך אָט די ליטעראַטור געשאַפן. אַן איבערטרייבונג האָט טאַקע אַ מחבר פון אַ ספר אַמאָל געשריבן, אַז די ערשטע מדפיסים האָבן אונז געגעבן די תורה צום צווייטן מאָל, און אַז ווען ניט זיי וואָלט די תורה פאַרגעסן געוואָרן ביי אידן״.

אין משך פון 15טן יאָרהונדערט זיינען דערשינען אין בוך־פאָרם איבער הונדערט העבּרעאישע ווערק. צוליב די צענזור־רדיפות אויף אידישע ביכער, און דער שנאה פון קאַטאָליציזם צו דער אידישער רעליגיע, זיינען זייער ווייניק עקזעמפּלאַרן פון



בעזר אלהי קדם שוכן מעונה: אחל לפרש תפלות כל השנה ::

פּירוש התפלות, דוד אבודורהם

ליסבאָן, פּאָרטוגאַל, 1489, אליעזר טאָלעדאַנאָ.

(ערשטע זייט, צוויי־דריטל פון אָריגינ. גרויס)

די אידישע „אינקונאַבעלן", ד. ה. אורשפּרונג־דרוקן (פון לאַטיי־נישן וואָרט „אינקונאַבול", ד. ה. וויגעלע) פאַרבליבן ביז היינט־צו־טאָג. [3]

פונקט ווי אין איטאַליע, איז אויך אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל דער העבּרעאישער דרוק־וועזן שוין געווען פאַרשפּרייט קורץ נאָך דער איינפירונג פון בוך־דרוקעריי אין יענע לענדער. נאָך אין יאָר 1477 האָבן אידן אָנגעפאַנגען צו דרוקן ספרים אין שפּאַניע. דאָרט האָבן זיי, טראָץ דער אינקוויזיציע, מיטגעהאָלפן איינצו־פירן דרוקערייען איבערן לאַנד און האָבן אפילו געדרוקט קריסט־לעכע שריפטן. מיר וויסן איצט פון דעם אַרכיוו פון דער אינקווי־זיציע, אַז דער מאַראַן (אַ משומד וואָס איז געווען און געבליבן אַ איד) רואַן דע לובענאַ איז געווען דער ערשטער דרוקער אויפן איבערישן האַלב־אינזל, ד. ה. אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. ביזן פאַרטרייבן פון אַלע אידן פון שפּאַניע (אין 1492) האָבן שוין עקזיסטירט מערערע אידישע דרוקערייען אין אַ ריי קליינע שטעט און שטעטלעך פון יענעם לאַנד. פון שפּאַניע זיינען אַ טייל אידן אַוועק אין דער שכנישער מדינה, פּאָרטוגאַל. אויך דאָרט האָבן אידן אין די יאָרן ביזן גירוש פון אַלע פּאָרטוגעזישע אידן (אין 1506) שטאַרק מיטגעהאָלפן צו אַנטוויקלען די בוך־דרוקעריי, ווי אַ מלאכה און קונסט. דער ערשטער בוך געדרוקט צו ווערן אין פּאָרטוגאַלס רעזידענץ־שטאָט, ליסבאָן, איז געווען דעם רמב"נ'ס פירוש צום חומש, וואָס איז ערשינען אין 1489. דער דרוק איז געווען אַ גאָר פיינער. ספּעציעל מאַכט אַ פּרעכטיקן איינדרוק דער ברייטער פאַרצירטער „באָרדער" פון אין שטיק מיטן איניציאַל, ווי דאָס פלעגט, לויט'ן שטייגער פון יענער צייט, באַנוצט ווערן פון ליסבאָנער אידישן דרוקער ר' אליעזר טולודנא. אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל פלעגן די אידישע דרוקערייען שטיין נאָך אונטער אַ שטאַרקערן קינסטלערישן איינפלוס פון זייערע גויישע קאָלעגן ווי אין איטאַליע. אין שפּאַניע, למשל, האָט בכלל זיך זייער שטאַרק געפילט דער איינפלוס פון דער אַראַבישער קונסט, און אויך ביי די ערשטע אידישע דרוקער אין שפּאַניע זעט מען אַ נייגונג צו „אַראַבעסקעס", ד. ה. שטאַרק־קאָמפּליצירטע אָרנאַ־מענטן פון געדרייטע, געשלענגלטע ליניעס, און אויך אַ נייגונג צו פאַרצירן מאַנכע אידישע אותיות אויף אַ שטאַרק אָריגינעלן אופן. אין שפּאַניע, אַזוי ווי אין איטאַליע, זיינען די מערסטע אידישע דרוקעריין געווען פאַרוואָרפן אין די קליינע פּראָווינץ־

# ספר במדבר סיני

באחד לחדש השני · מתוך חבתן לפניו מונה אותן כל שעה כשיצאו ממצרים מנאן וכשנפלו בעגל מנאן לידע מנין הנותרים וכשבא להשרות

וידבר יהוה אל משה במדבר סיני באהל מועד באחד לחדש השני בשנה השנית לצאתם מארץ מצרים לאמר שאו את ראש כל עדת בני ישראל למשפחתם לבית אבתם במספר שמות כל זכר לגלגלתם מבן עשרים שנה ומעלה כל יצא צבא בישראל תפקדו אתם

ומליל יי עם משה במדברא דסיני במשכן זימנא בחד לירחא תנינא בשתא תניתא למיפקהון מארעא דמצרים למימר :

קבילו ית חושבן כל כנישתא דבני ישראל לזרעיתהון לבית אבהתהון במנין שמהן כל דכורא לגולגלתהון :

מבר עשרין שנין ולעילא כל נפיק חילא בישראל תמנון יתהון לחיליהון את ואהרן :

הורסין את המצב · וגם הכהנים אף הבכורות שהעבודה בהם · הנגשים אל יי׳ להקריב קרבנות אף הם יתקדשו אל יסמכו על חשיבותן לעלות · יתקדשו · יהיו מזומנים להתיצב על עמדם · פן יפרץ · לשון פרצה יהרוג בהם ויעשה בהם פרצה : לא יוכל העם · אינו צריך להעיד בהם

פן יפרץ בם וירד משה אל העם ויאמר אלהם : וידבר אלהים את כל הדברים האלה לאמר : אנכי יהוה אלהיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים:

ונחת משה לעמא ואמר להון

ומליל יי ית כל פתגמיא האלין למימר :

אנא יי אלהך דאפיקתך מארעא דמצרים מבית עבדותא :

שהרי מותרין ועומדים הם ביום שלשה ימים ולא יוכלו לעלות שאין להם רשות : רד והעד בהם · פעם שנית מכאן שמזרזין את האדם קודם מעשה וחוזרין ומזרזין אותו בשעת מעשה · ועלית אתה · אמור מעתה אתה מחיצה לעצמך ואהרן מחיצה לעצמו והעם כל עקר לא יהרסו את מצבם לעלות · משה נגש יותר מאהרן ואהרן יותר מן

יהא קודשא קדם יי :

העשירי יהיה קדש ליהוה: לא יבקר בין טוב לרע ולא ימירנו ואם המר ימירנו והיה הוא ותמורתו יהיה קדש לא יגאל · אלה המצות אשר צוה יהוה את משה אל בני ישראל בהר סיני :

חזק חזקו

סכום פסוקי דספר ויקרא שמנה מאות וחמשים ותשעה וסימן נטף וסדריו עשרה ופרשיותיו שלשה עשר וחציו והנגע בבשר הזב

לא יבקר בין טב לביש ולא יחלפיניה ואם חלפא יחלפיניה ויהא הוא ותילופיה יהא קודשא לא יתפרק :

אילין פיקודיא דפקיד יי ית משה לבני ישראל בטורא דסיני :

זה בחרמי כהנים שהכל מודים שחרמי כהנים אין להם פדיון עד שיבאו ליד כהן וחרמי גבוה נפדין · כל חרם קדש קדשים הוא · והאומר סתם חרמים לבדק הבית מביא ראיה מכאן · והאומר סתם חרמים לכהנים מפרש כל חרם קדש קדשים הוא לומר שחרמי כהנים חלים על קדשי קדשים ועל קדשים קלים ונותן לכהן כמו ששנינו במסכת ערכין אם נדר עולה ושלמים · ואם נדבה נותן את טובתה · מאדם · כגון שהחרים את עבדיו ושפחותיו הכנענים : כל חרם אשר יחרם וגו׳ היוצא ליהרג ואומר אחד ערכו עלי לא אמר כלום : מות יומת · הרי הולך למות לפיכך לא יפדה אין לו דמים ולא ערך · וכל מעשר הארץ · במעשר שני הכתוב מדבר · מזרע הארץ דגן · ומפרי העץ תירוש ויצהר : ליי׳ הוא · קנאו השם ומשלחנו צוה לך לעלות ולאכול בירושלים כמו

חומש
מיט תרגום אונקלוס און רש״י
אישאַר, שפּאַניע, 1490, אליעזר בן אלאנתאנסי (?)
(צוויי־דריטל פון אָריגינ. גרויס)

שטעט, כדי אויסצומיידן די וואַכזאַמע בליקן פון דער קירך און פון יענע הויפלייט, וועלכע פלעגן כסדר דעם פרומען מלך העצן קעגן אידן און אידישקייט.

אין איטאַליע פלעגן די אשכנזים פון דער נאָענטער דייטשער מדינה, פון די שטעט באַזעל, פּראַג, אויגסבורג א. אַנד., זיך שטאַרק באַטייליקן אין דער דרוקער־מלאכה. זייערע טראַדיציאָנעלע שריפט־צייכנס, לאַנג אין געברויך פאַר ספרי־תורות, מזוזות א. אַז. וו., די אַזוי־גערופענע „דייטשע מרובע", האָבן באַאיינפלוסט דעם דרוק־שריפטן סטיל פון די ספרדים, די איטאַליענישע אידן, גופא. פאַרקערט, אין צווייטן גרויסן צענטער פון די ערשטע אידישע דרוק־ווערק (אינקונאַבלס), שפּאַניע־פּאָרטוגאַל, איז דער אָריגינעלער הערבעראַישער דרוק־אות געבליבן פריי פון יעדן זייטיגן איינפלוס. ערשט אין טערקיי (קאָנסטאַנטינאָפּאָל, סאַלאָניק, סמירנע), וואוהין דער דאָזיקער דרוק־שריפט איז געקומען נאָכן גירוש פון פּאָרטוגאַל, איז די פאָרם פון די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע דרוק־אותיות קאָמבינירט געוואָרן מיט אַנדערע פאָרמען העברעאישע שריפט. איר קינסטלערישער געשטאַלט איז דורך דעם טאַקע שטאַרק געפאַלן.

באמת טיף־רירענד און באַצייכנענד פאַרן רעספּעקט צו דער טיפּאָגראַפישער אַרבעט ביי די ספרדים איז דער פאַקט, אַז די פאַרטריבענע שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אידן האָבן, צוזאַמען מיט זייערע גרעסטעווערטע גייסטיקע שאַפונגען, ווי ספרים און ספרי־תורות, געבראַכט מיט זיך אין די נייע ישובים, ווי נאָרד־אַפריקע, איטאַליע און טערקיי, אויך זייערע דרוק־פּרעסן און די אָריגינעלע, עלעגאַנט און רייצנדיג־פיין געשניטענע העברעאישע דרוק־שריפטן. אַ סך פון אָט די עלטסטע סאָרטן שריפט (פאָנטס) זיינען ביז אַ האָר ענלעך צו די שפּאַניש־העברעאישע געשריבענע אותיות פון יענער צייט, וואָס זיינען פאַרבליבן ביז היינט אין די כתב־יד'ן פון די אידיש־ספרדישע געלערנטע. אין פולן איינקלאַנג מיט דעם הערשנדיקן קוק פון יענער צייט, אַז די געדרוקטע זייטל דאַרף זיין כמעט אַ קאָפּיע פון דער געשריבענער, איז עס אַ פאַקט, אַז אין אַ סך פון די העברעאישע אינקונאַבלען געפינט מען אפילו די העברעאישע קורסיוו־שריפט, דאָס הייסט, די געשריבענע פאָרמס פון אותיות. פון די שפּאַנישע אידן שטאַמען אויך מסתמא די אַזוי־גערופענע „רבנישע" אָדער רש"י כתב אותיות, וואָס ווערן נאָך היינט באַנוצט פון העברעאיש־למדנישן בוך־דרוק.

# אז לא אבוש בהביטי אל כל מצותיך

## כל המצות

שניתנו למשה בסיני בפירושן ניתנו שנאמר ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה תורה זו תורה שבכתב והמצוה זו פירושו וצונו לעשות התורה על פי המצות ומצוה זו היא הנקראת תורה שבעל פה כל התורה כתבה משה רבינו קודם שימות בכתב ידו ונתן ספר לכל שבט ושבט וספר אחד נתנוהו בארון לעד שנאמר לקוח את ספר התורה הזה ושמתם אותו וגו׳ והמצוה שהיא פירוש התורה לא כתבה אלא צוה בה לזקנים וליהושע ולשאר כל ישראל שנאמר את כל הדבר אשר אנכי מצוה אתכם אותו תשמרו לעשות וגו׳ ומפני זה נקראת תורה שבעל פה אף על פי שלא נכתב׳ תורה שבעל פה למדה משה רבינו כולה בבית דינו לשבעים זקנים ואלעזר ופנחס ויהושע שלשתן קבלו ממשה וליהושע שהוא תלמידו של משה רבינו מסר תורה שבעל פה וצוהו עליה וכן יהושע כל ימי חייו למד על פה וזקנים רבים קבלו מיהושע וקבל עלי מן הזקנים ומפנחס ושמואל קיבל מעלי ובית דינו ודוד קיבל משמואל ובית דינו ואחיה השילוני מיוצאי מצרים היה ולוי היה ושמע ממשה והיה קטן בימי משה והוא קיבל מדוד ובית דינו

ואליהו קיבל מאחיה השילוני ובית דינו ואלישע קיבל מאליהו ובית דינו ויהוידע הכהן קיבל מאלישע ובית דינו וזכריה קיבל מיהוידע ובית דינו והושע קיבל מזכריה ובית דינו ועמוס קיבל מהושע ובית דינו וישעיה קיבל מעמוס ובית דינו ומיכה קיבל מישעיה ובית דינו ויואל קיבל ממיכה ובית דינו ונחום קיבל מיואל ובית דינו וחבקוק קיבל מנחום ובית דינו וצפניה קיבל מחבקו׳ ובית דינו וירמיה קיבל מצפניה ובית דינו וברוך בן נריה קיבל מירמיה ובית דינו ועזרא ובית דינו קבלו מברוך בן נריה ובית דינו בית דינו של עזרא הם הנקראים אנשי כנסת הגדולה והם חגי זכריה ומלאכי דניאל וחנני׳ ומישאל ועזריה ונחמיה בן חכליה ומרדכי בלשן וזרובבל והרבה חכמים עמהם השלום מאה ועשרים זקנים האחרון מהם הוא שמעון הצדיק והוא היה בכלל המאה ועשרי׳ וקיבל תורה שבעל פה מכולם והוא היה כהן גדול אחר עזרא אנטיגנוס איש סוכו ובית דינו קיבלו משמעון הצדיק ובית דינו ויוסי בן יועזר איש צרידה ויוסף בן יוחנן איש ירושלים ובית דינם קבלו מאנטיגנוס ובית דינו ויהושע בן פרחיה וניתאי הארבלי ובית

א ב

רמב״ם, משנה תורה

סאָנטשינאָ, איטאַליע, 1490, גרשון בן משה שונצין

(כמעט אין אָריגינ. גרויס)

אַרום דעם טעקסט איז געווען אַ ברייטע ראַם, ווי אין דער תנ״ך אויסגאַבע פון 1488 (אילוסטר. אויף זייט 23)

היינט־צו־טאָג זוכן מיר די וויכטיקסטע אינפאָרמאַציע וועגן דעם יאָר און פּלאַץ, ווען און וואו אַ בוך איז געדרוקט געוואָרן, אין סאַמע אָנפאַנג פון בוך, אויפן „שער־בלאַט". ניט אַזוי איז עס אָבער געווען אין דער אָנפאַנג־עפּאָכע פון בוך־דרוקעריי. פיל עלטער פון שער־בלאַט איז דער „קאָלאָפאָן", ד. ה. דער סוף פון בוך, וואו די דרוקער פלעגן געבן אַלערליי ידיעות איבער דער צייט, און אָפט, אויך די דרוקער־אַרבעטער, וואָס האָבן ביים ווערק זיך געמיט, און דער עיקר — ידיעות איבערן דרוקער גופא. ניט זעלטן האָט מען אין די ערשטע ספרים געבראַכט צום אויסדרוק דעם רעספּעקט צו דער „געטלעכער חכמה" פון בוך־דרוקעריי, ווי, למשל, דורך דעם שיר אין סוף פון ספר „טורים", וואָס ווערט דאָ אונטן געבראַכט. אויך ריידן אָפט די ערשטע דרוקער אין זייערע „קאָלאָפאָנס" מכח דער טובה וואָס זיי האָבן געטאָן דעם גאַנצן אידישן כלל דורך דעם אָפּדרוקן דעם ספר. אַנדערשמאָל איז דער „קאָלאָפאָן" ענג פאַרבונדן מיטן טעקסט פון ספר, ווי אַ המשך פון טעקסט, און אַנדערשמאָל טראָגן זיי די פאָרם פון אַ באַזונדערן פּאַראַגראַף. גאַנץ אָפט פלעגן זיי געמאַכט ווערן קענטיק שוין דורך זייער געשטאַלט, ווי, למשל, אַ פּאַראַגראַף מיט שמעלערע שורות, אָדער שורות וואָס ווערן אַלע מאָל שמעלער, מעשה דרייעק, ביז די לעצטע שורה אַנטהאַלט בלויז איין איינציקן וואָרט, א. ד. גל.

מיט גרויס מסירת־נפש האָבן געאַרבעט די ערשטע אידישע דרוקער אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און איטאַליע, אָפט אייבשטע־לענדיק אין קאָן זייער אייגענעם לעבן און דאָס לעבן פון זייערע פאַמיליעס. ניט זעלטן פלעגן די פרויען און טעכטער העלפן דעם דרוקער אין זיין הייליקער מלאכה. די קירך און די אינקוויזיציע פלעגן שטרענג אַכטונג געבן, אַז די אידן, און באַזונדערס די געוועזענע אידן (מאַראַנען), זאָלען ניט דרוקן קיין ביכער וואָס דינען דעם אידנטום. אין אַ פּאָר צענדליק יאָר נאָך דער איינפירונג פון דעם אידישן דרוק אין איטאַליע איז שוין כמעט אוממעגלעך געוואָרן פאַר אידן צו קריגן אַן ערלויבעניש צו פירן אַ דרוקעריי. און גראָד איז דער באַדאַרף אין געדרוקטע ספרים, סיי אין איטאַליע, סיי אין אַנדערע לענדער, שטאַרק אויסגעוואַקסן אין יענער צייט. ווי וואָלט מען געקענט אַרויסגיין פון אַזאַ קלעם?

אַן אויסוועג איז ווירקלעך געפונען געוואָרן אויף אָט אַזאַ אופן: קריסטלעכע דרוקער פלעגן זיך נעמען צום דרוק פון



# בראשית

ברא אלהים את השמים ואת הארץ: והארץ היתה תהו ובהו
וחשך על פני תהום ורוח אלהים מרחפת על פני המים: ויאמר
אלהים יהי אור ויהי אור: וירא אלהים את האור כי טוב ויבדל
אלהים בין האור ובין החשך: ויקרא אלהים לאור יום ולחשך קרא
לילה ויהי ערב ויהי בקר יום אחד: פ
ויאמר אלהים יהי רקיע בתוך המים ויהי מבדיל בין מים למים:
ויעש אלהים את הרקיע ויבדל בין המים אשר מתחת לרקיע ובין
המים אשר מעל לרקיע ויהי כן: ויקרא אלהים לרקיע שמים ויהי
ערב ויהי בקר יום שני: פ
ויאמר אלהים יקוו המים מתחת השמים אל מקום אחד ותראה
היבשה ויהי כן: ויקרא אלהים ליבשה ארץ ולמקוה המים קרא
ימים וירא אלהים כי טוב: ויאמר אלהים תדשא הארץ דשא עשב

**תנ"ך**
**נעאַפּאַל, 1492, יהושע שלמה שונצין**
**(העלפט פון אָריגינעלער גרויס)**

ביכער און ספרים פאַר אידן. דער הויפּט־צענטער פון די נייע גרויסע אידישע דרוקערייען איז געוואָרן װענעציע, װאו די דרוקעריי איז בכלל געװען גוט אַנטװיקעלט אפשר צוליב דעם, וואָס װענעציע איז לאַנג געװען דער װיכטיקסטער צענטער פון האַנדל מיט די געשריבענע װערק (מאַנוסקריפּטן), די איינציקע „ביכער" און ספרים ביז דער ערפינדונג פון בוך־דרוק. דער ערשטער און בעסטער קריסטלעכער דרוקער פון ספרים אין װענעציע איז געװען דניאל באָמבערג, װעלכער האָט געשטאַמט פון אַנטװערפּן, פלאַנדריע. אַ משומד האָט אים געגעבן אַן עצה צו קומען קיין װענעציע און דאָרט עפענען אַ אידישע דרוקעריי. ביי אים האָבן געאַרבעט אידישע זעצער און זייער געלערנטע קאָרעקטאָרס. דאָרט איז געדרוקט געװאָרן אַ פולער תנ"ך מיט פירושים, דער תלמוד בבלי און ירושלמי א. אַנד. במשך פון 1549־1516 האָט באָמבערגס דרוקעריי אַרױסגעלאָזן אַרום צוויי הונדערט קלענערע און גרעסערע העברעאישע װערק. די אַלע װערק צייכענען זיך אויס מיט אַ זייער פיינער, ריינער און געשמאַקפולער אויספירונג, מיט אַ פּעלערלאָזען זאַץ און פאַרנעמען אויסזען (פיינע פּאַפּיר, גוטע טינט א. אַ. װ.). אין דער גאַנצער אידישער װעלט האָט באָמבערג לאַנג געהאַט אַ שם פון איינעם פון די „חסידי אומות העולם". מיט רעכט װערט ער אַנגערופן „דער פאָטער פון אידישן בוך־דרוק". צווישן זיינע פאַרװאַלטערס און קאָרעקטאָרס איז באַזונדערס באַרימט געװען ר' ישראל (קאָרנעליוס) אַדלקינד, אַ דייטשער איד; ער און זיינע זין און אייניקלעך האָבן געאַרבעט ביי באָמבערגן. אין יאָר 1545 האָט אַדלקינד אַרױסגעלאָזן ר' אליהו בחור'ס תהלים איבערזעצונג אין אידיש (אגב איז אויך אליהו לעװיטע (ר' אליהו בחור) אַליין אַ צייט־לאַנג געװען קאָרעקטאָר אין באָמבערגס דרוק). שפּעטער האָבן די אַדלקינדס געאַרבעט אין אַנדערע אידישע דרוקערייען פון װענעציע און אין אַנדערע איטאַליענישע שטעט. די צייטן־נומעראַציע (פּאַליאָס) פון תלמוד (דפים), װאָס דניאל באמבערגס קריסטלעכע דרוקעריי האָט איינגעפירט, איז פאַרבליבן אומפאַרענדערט אין אַלע תלמודישע אויסגאַבן ביי אידן ביזן היינטיקן טאָג.

באָמבערג איז געװען פון פלעמישער אָפּשטאַמונג און אין זיין געבורט־שטאָט, אַנטװערפּן האָט זיך אין 16טן יאָרהונדערט די דרוקעריי־קונסט אומגעהייער צעבליט, דערהויפּט אונטערן איינפלוס פונם גאָר גרויסן פראַנצויזישן דרוקער־מייסטער קריסטאָף פּלאַנטען (היינט

געפינט זיך אין אַנטווערפּן דער פּלאַנטען־מוזיי, דער גרעסטער און אינטערעסאַנטסטער אין דער וועלט מוזיי פון דרוקעריי־מלאכה און קונסט אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג). אָבער ריין איטאַליענישע פּאַטריציער (יחסנים) פלעגן זיך אויך גאַנץ גערן נעמען צום עסק פון דרוקן ספרים פאַר אידן. באַרימט איז געוואָרן די פאַמיליע בראַגאַדין, וועלכע האָט געפירט איר גרויסע העברעאישע דרוקעריי אין ווענעציע במשך פון מערערע דורות, פון 1556 ביז 1710. דער ערשטער ספר פון אָט דער דרוקעריי, רמב״ם׳ס „משנה תורה״, האָט געפירט צו אַ שאַרפן סכסוך צווישן דרוקער און רבנים, ווייל אַ צווייטער ווענעציאַנער קריסטלעכער דרוקער, יוסטיניאַן (דזשוס־טיניאַני) האָט אויך אָפּגעדרוקט דעם נעמלעכן ספר. די קריגעריי איז אַלץ שאַרפער געוואָרן און ביידע דרוקער האָבן מיט דער הילף פון משומדים פאַרוואָרפן דעם פאַפּסט מיט מסירות אײנער אויפן צווייטן, אַריינציענדיק אין דער מחלוקת אויך דעם תלמוד און אידישקייט. סוף כל סוף האָט דער פאַפּסט (יוליוס דער 3־טער) אַרויסגעלאָזן דעם באַפעל צו קאָנפיסקירן אַלע תלמוד קאָפּיעס און זיי עפנטלעך פאַרברענען. דאָס איז געשען אין רוים ערב ראש השנה פון יאָר 1553, אויפן פּלאַץ וואו ס׳איז מיט 47 יאָר שפּעטער פאַרברענט געוואָרן לעבעדיגערהייט דזשאָרדאַנאָ ברונא, דער אומ־שטערבלעכער קעמפער פאַר פרייהייט פון געוויסן און גלויבן. דער פאַפּסט האָט דעמאָלט איינגעפירט די שטרענגסטע צענזור אויף אַלע שוין פון פריער אָפּגעדרוקטע ספרים. די צענזאָרס זיינען מערסטנס געווען משומדים עמי־הארצים.

במשך פון עטלעכע יאָר נאָך דער פאַרברענונג פון תלמוד האָט מען אין ווענעציע בכלל ניט געטאָרט דרוקן קיין העברעאישע ביכער. אין יאָר 1571 איז געקומען אַ נייע גזירה: די ווענעציאַנער רעגירונג האָט לחלוטין פאַרבאָטן די אידן צו אַרבעטן ביים דרוק, הגם מען האָט אַראָפּגענומען דעם פאַרבאָט פון דרוקן ביכער מיט אידישע אותיות. דאָס האָט געמיינט, אַז די זעצערס פון אידישע ספרים האָבן געמוזט זיין אָדער עכטע גויים אָדער משומדים. אָט אַזוי טרויעריק האָבן זיך פאַרענדיגט די ערשטע הונדערט יאָר פון אידישן דרוק־וועזן אין איטאַליע, וואו די נייע מלאכה און קונסט, אידישע טיפּאָגראַפיע, איז געבאָרן געוואָרן, אין 1475, און וואו זי האָט במשך פון דריי־פיר דורות דערגרייכט אַ זעלטענעם אויפבלי און אַ מערקווירדיגע פּרוכטבאַרקייט.

# באַמערקונגען

[1] הגם מ׳קען מיטן תנ״ך און תלמוד ניט באַווייזן, אַז אידן זיינען געווען די ערפינדער פון בוך־דרוק, איז אינטערעסאַנט אָט אַזאַ פאַקט. אין די ערשטע צייטן פון דעם בוך־דרוק פלעגן די אידן באַצייכענען די נייע מלאכה פון דרוקער (מסתמא אונטערן איינדרוק פון דער תלמודישער דערציילונג וועגן בן־קמצירס קונצן) מיטן אויסדרוק „הכותב בכמה קולמוסין בלא מעשה ניסים״, ד. ה. דער וואָס שרייבט מיט אַ סך פעדערן פאַראַמאל אָן ניסים. דאָס דריקט אויס די גאַנצע באַוואונדערונג וואָס די אידן פון יענער צייט האָבן געפילט אין באַצוג צום בוך־דרוק. און געוויס איז ערשט דורך דער דרוקעריי זיינען אידן געוואָרן אַן „עם הספר״, אַ פאָלק, וואָס איז לאַנגע דורות געווען פאַרטאָן אין לערנען און שטודירן, פאַרפאַסן און דרוקן ספרים.

אַ לאַנגע צייט האָבן אָבער די אידן פאַרן באַגריף „דרוקן״ דעם ריכטיקן נאָמען אין זייער אַלטער שפּראַך אפילו ניט געקענט געפינען. פון סאַמע אָנפאַנג, אין איטאַליע סוף 15טן י״ה, איז שוין געווען אין געברויך דער תלמודישער אויס־דרוק דפוס (פאָרמע), וואָס איז גלייכבאַדייטנדיק מיטן גריכיש־לאַטייניש וואָרט „טיפּאָס״. דעם באַגריף „דרוקן״ פלעגן די אידן אויסדריקן מיטן וואָרט „כתב״, אָדער דורך אַ ווערטער־פּאָרל „כתב־דפוס״, אַנאַלאָגיש צום ניט־אידישן אויס־דרוק „טיפּאָגראַפיאַ״. ערשט שפּעטער איז אַריין אין געברויך דער וואָרט „מדפיס״ (דרוקער), צוערשט אין איטאַליע און שפּעטער אין דייטשלאַנד און פוילן, וואו אידן האָבן אַ גאַנצע לאַנגע צייט גערופן אַ דרוקער „מחקק״, ד. ה. דער וואָס קריצט אויס, אָדער גראַווירט אויס, אותיות.

[2] דער דרוקער ר׳ משולם בן משה־יעקב האָט צום סוף פון זיין „טורים״ אָפּ־געדרוקט דעם פאָלגנדיקן העברעאישן שיר, וועלכן מיר ברענגען דאָ מיט אַ פאַראַלעלער איבערזעצונג אין אידיש (געמאַכט פון דר. י. מ. זאַלקינד ז״ל). דאָס איז אַ גלענצנדיקער ביישפּיל פון דער ליבע און פאַרערונג מיט וועלכער די אידישע וועלט האָט אויפגענומען די קונסט און מלאכה פון דרוקעריי.

אני חכמה לכל חכמה עטרת
אני נסתר(ה) לכל סוד מסגרת
בלי קולמוס ורשומי ניכרת
באין סופר חוברתי במחברת.
בבת אחת דיו עלי עוברת
בלי שרטוט כתיבה מישרת.
תמיה על דבורה הגברת
בשבט סופרים היא משוררת
לו אותי ראתה במחתרת
עלי ראשה הושמתי לכותרת.
למספר בי׳ ה׳ אלפים רל״ה למזכרת.

איך בין די קרוין פון אַלע חכמות,
אַ סוד פון אַלעמען פאַרבאָרגן,
איך שרייב דייטלעך אָן אַ פען,
צוזאַמענגעשטעלט אָן אַ שרייבער.
נאָר איין מאָל טונק איך אין טינט איין,
אָן ליניעס און איך שרייב גלייך.
אַ וואונדער אויף דבורה הנביאה
וואָס האָט אַ געדיכט מיט אַ גריפל געשריבן,
אַז זי וואָלט מיך אין דער שטיל אַנטדעקט,
וואָלט זי מיך באַשעהנט און באַקרוינט.
אין יאָר ה׳ רלה (1475) צום אָנדענק.

פון דער צווייטער שורה פון דאָזיקן געדיכט, וואָס פאַרמאָגט אַ פיינע עפיגראַמאַטישע, שאַרף־קאַנטיקע פאָרם, קען מען קלאָר באַמערקן ווי מיסטעריעז, ממש בסוד־סודות, די ערשטע דרוקערס האָבן די ערפינדונג געהאַלטן. מעגלעך, אַז זיי האָבן מורא געהאַט פאַר קאָנקורענטן. גיכער לאָזט זיך גלויבן, אַז זיי האָבן געוואָלט איינפלאַנצן ביים עולם אַ רעספּעקט, אַ יראת הכבוד, פאַר דער גע־היימניספולער מלאכה, די „קרוין פון אַלע חכמות“.

[3] פון קרוב הונדערט אידישע אינקונאַבעלן, ד. ה. ספרים געדרוקט צווישן 1475 און 1500, וואָס זיינען באַקאַנט, געפינען זיך אַרום אַ דריטל אין בלויז איינציקע עקזעמפּלאַרן. פון די איבעריקע זיינען די מערסטע אויך פאַראַן ניט מער ווי צו צוויי־דריי עקזעמפּלאַרן. די רדיפות מצד דער קריסטלעכער קירך האָבן געפירט צו דער פאַרניכטונג פון אַ סך קאָפּיעס פון די ערשטע דרוק־ווערק. די פאַרבליבענע ביכער האָבן זיך מערסטנס דערהאַלטן אין אַ שלעכטן צושטאַנד, צוליב דעם טעגלעכן געברויך צום דאַוונען און לערנען און צוליב דער נויטיקייט צו באַהאַלטן די ספרים אין פלעצער וועלכע האָבן זיי קיין גוטס ניט געטאָן. גאָר גוט אויפגעהאַלטן געוואָרן זיינען בלויז יענע אידישע אינקונאַבעלן וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די גרויסע קריסטלעכע ביבליאָטעקן. דאָרט האָט מען זיי, צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע אינקונאַבעלן, אָפּגעהיט ווי די טייערסטע אַנטיקן, שטענדיק אונטער אַ שלאָס און אונטער גלאָז. דאָס רוב פון די גאַנץ זעלטענע אידישע אינקונאַבעלן געפינען זיך נאָך ביז איצט אין די אַלטע גרויסע אייראָפּעאישע ביבליאָטעקן.

אין יאָר 1924 האָט אַ באַוואוסטער דייטש־אידישער ביבליאָגראַף, פּראָפעסאָר א. פריימאַן, רעפּראָדוצירט אין פאַקסימיליעס אַלע אילוסטראַציעס, איניציאַלן און דרוק־טעכנישע אינטערעסאַנטע שטעלן פון אַלע ביז איצט באַקאַנט געוואָרענע העברעאישע אינקונאַבעלן (ז. ביבליאָגראַפיע צום שלוס פון אונזער בוך). דאָס איז אַ וויכטיקער אויפטו פאַר דער ווידערגעבורט פון אידישער דרוקריי־קונסט, ווייל יעדער טיפּאָגראַפישער קונסט־פאָרשריט באַזירט זיך אויף דעם שטודיום פון די זעלטן־פיינע און געשמאַקפולע שאַפונגען פון די ערשטע דרוקערס, אמת׳ע קינסטלער אין זייער פאַך.

[4] אפילו די ספרים וואָס די קאַטוילישע קירך האָט במשך פון איר לאַנגן קאַמף מיט אידן יע געפונען פאַר כשר זיינען ניט זעלטן אַזוי פאַרשמירט און באַשעדיקט געוואָרן, אַז מען קען אָפט זיי באַטראַכטן ווי בלויז פראַגמענטן, שיריים, פון ביכער. אין מאַנכע פון זיי הויבט ערשט איצט אָן, נאָך הונדערטער פון יאָרן, די שמירעכץ פון דער קריסטלעכער צענזור זיך אויסצולעשן, און עס קומט ביסלעכווייז אַרויס צום פאָרשיין די שאַרף געדרוקטע שריפט פון די פיינע אידישע דרוק־ווערק אין דעם ערשטן יאָרהונדערט פון דרוק־וועזן ביי אידן. דאָס איז אַ קלאָרער באַווייז פון דער גוטער קוואַליטעט פון די מאַטעריאַלן, ווי דרוק־טינט און פּאַפּיר, וואָס די דרוקערס פון יענער צייט פלעגן נוצן. אויך איז דאָס, ווי ס׳באַמערקט דר. י. מ. זאַלקינד ע״ה, אַ סימבאָל פון דעם זיג פון אמת און פון דער אומצעשטערבאַרער לעבנס־קראַפט פון אידישן גייסט, וואָס קיין פייער האָט אים ניט געקענט פאַרברענען און קיין וואַסער ניט אויסלעשן.




פון פירוש רמב״ן, ליסבאָן, 1489

## II

# די אויסשפּרייטונג פון אידישן דרוק־וועזן אין מערב־אייראָפּע

חוץ ווענעציע האָבן אַנדערע איטאַליענישע שטעט, ווי מאַנטואַ, פעראַראַ, ריוואַ די טרענטאָ א. אַנד., געהאַט דרוקערייען פון אידישע ביכער און ספרים אין ערשטן יאָרהונדערט פונם אידישן דרוק־וועזן. דאָך איז ווענעציע פאַרבליבן נאָך אַ זייער לאַנגע צייט דער הויפּט־צענטער פון אידישן דרוק־וועזן. פון איטאַליע זיינען די מעטאָדן און מיט־לען פון דער העברעאישער טיפּאָגראַפיע, ווי שריפטן, אָרנאַמענ־טען, איניציאַלן, א. ד. גל. פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן איבער אַ סך לענדער. די ערשטע אידישע דרוקעריי אין די דייטשע און סלאַ־ווישע לענדער איז געגרינדעט געוואָרן אין פּראַג, די היינטיקע הויפּט־שטאָט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, נאָך אין יאָר 1513. דאָרט, אין דער דרוקעריי פון ר׳ גרשון כהן, איז, אין יאָר 1526, אָפּגע־דרוקט די ערשטע אילוסטריטע הגדה, אַ גרויס מייסטער־ווערק, וועגן וועלכן אונז וועט נאָך אויסקומען צו ריידן אין פאַרבינדונג מיט דער ווידערגעבורט פון אידישן דרוק־וועזן און אונזער היינ־

טיקער צייט. ביז'ן יאָר 1630 האָבן אין פּראַג געבליט גרויסע אידישע דרוקערייען. אין 17טן יאָרהונדערט האָבן אַנדערע אידישע גרויסע שטעט פון מערב-איראָפּע, באַזונדערס אַמסטערדאַם, פאַר-נומען דעם אויבן-אָן אין אידישן בוך-דרוק, פאַרטונקלענדיק מיט זייערע פיינע דרוק-אַרבעטן די זייער שיינע און גוט געדרוקטע ביכער פון אַ בראַגאַדין און אַנדערע ווענעציאַנער דרוקער אין 16טן יאָרהונדערט.

דער גרעסטער טייל פון די ווענעציאַנער אידישע דרוק-אַרבעט זיינען אויף זייער שטייגער געווען אמת'ע קונסט-ווערק. בכלל איז די ערשטע עפּאָכע פון טיפּאָגראַפיע, ביי אידן און גוים, ווען מען האָט נאָך געמוזט קאָנקורירן מיט די קאָפּיסטן, די האַנט-איבער-שרייבער, יענע עפּאָכע איז געווען אַ צייט, ווען די טיפּאָגראַפישע פּראָדוקטן (געדרוקט מערסטנס אין אויסגאַבן פון 300 ביז 500 קאָפּיעס) האָבן פאַרמאָגט דעם חן און עלעגאַנץ פון עכטע קונסט-שאַפונגען. אידן האָבן דעמאָלט אַרויסגעלאָזן דרוק-ווערק, וואָס זיינען נאָך ביז היינט-צו-טאָג אַ פּראַכט-זאַך אַנצוקוקן און צו בלעטערן — דרוק-אַרבעטן וואָס באַרעכטיקן אונז, די זייער וויטע בלוט-קרובים פון די ערשטע אידישע דרוקער, צו שטאָלצירן מיט'ן פיינעם געשמאַק, מיט דער מייסטערשאַפט פון אַרבעט, און אומ-ענדלעכער געדולד פון אונזערע אור-אורעלטערן דרוקער. פּרעכטיקע פאַרצירונגען, ווי רעמלעך, קאָפּ-אָרנאַמענטן, ענד-פאַרצירונגען און וויניעטקעס, איניציאַלן און איינגעראַמטע אָנפאַנג-ווערטער פון קאַ-פּיטלען באַשיינען יענע ספרים און ביכער, כמעט אַלע אין אַ פאָרנעמען, גרעסערן פאָרמאַט, ווי קוואַרטאָ אָדער פאָליאָ (גמרא פאָרמאַט). די פאָליאָ ספרים זיינען געוויינלעך געדרוקט געוואָרן אין צוויי שפּאַלטן אויף יעדער זייט. דאָס מאַכט דער ווערק לייכטער צו לייענען, און אויסער דעם וואָלטן, ביי דער פּרימיטיווקייט פון די פאַרצייטיקע הילצערנע דרוק-מאַשינען, וואַרשיינלעך די שורות אַרויסגעקומען ניט גלייך, ווען זיי זאָלן געווען זיין לענגער. אין די קלענערע פאָרמאַטן, ד. ה. „קוואַרטאָ" און „אָקטאַוו", זיינען טייל ספרים צוויי-שפּאַלטיק און טייל איינשפּאַלטיק.¹ לאָמיר זיך אָפּ-שטעלן בקיצור אויף דער טעכניק פון אידישן דרוק-וועזן אין דער קלאַסישער עפּאָכע פון זיין אַנטוויקלונג.

דער זאַץ-קאַסטן איז געווען כמעט דער זעלבער ווי איצט. שפּעטער קומען צו אַלף און למד קאָמבינירט אין איין אות (ווי מיר זעען עס אָפט אין די ספרים, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין

דייטשלאַנד נאָך מיט אַן ערך 100 יאָר צוריק) און אויך אַ גאַנצע ריי פון אויסגעצויגענע אותיות, באַנוצט צו פאַרענדיקן די שורה, ווי מיר זעען עס נאָך היינט אין ספרי־תורות. די דרוקערייען, וואָס האָבן ניט געהאַט די אויסגעצויגענע אותיות, פלעגן אויספילן די ליידיקע שטעלעס אין די שורות מיט צוויי שטריכלעך אָדער מיט די ערשטע אותיות פונ׳ם ערשטן וואָרט פון דער צווייטער שורה. אין מאַנכע ספרים קומען אָט די אותיות קאָפּויער, כדי צו פאַרמיידן טעות׳ן. אָט דער מנהג, וועלכער איז אויך אַ ירושה פון די שרייבער פון מאַנוסקריפּטן, פאַרשווינדט ערשט אין 17־טן י״ה.

די ערשטע דרוקערייען האָבן געניצט אַ דיקן פעסטן האַנט־געמאַכטן פּאַפּיר, וועלכער האָט זיך גוט אויפגעהאַלטן ביז׳ן היינ־טיקן טאָג, הגם ער איז אַביסל פאַרגעלט געוואָרן. די אויבערפלעך איז געוויינלעך געווען אַ שאַרסטקע, און נאָר זעלטן געפינען מיר אַ ריכטיק גלאַטן פּאַפּיר. כמעט אַלע האָבן געהאַט אַ „וואַסער־צייכן" (אַריינגעפּרעסט אין געוועב בעת דער פּראָדוקציע פון אַ פּאַפּיר), וואָס איז נאָך גוט פאַרבליבן, און וואָס איז אַ זיכערער מיטל אין ספרים, וואו ס׳פעלט דער שער און דער סוף, צו דערקענען פון וואַנען די ביכער שטאַמען. פיל ספרים זיינען אויך געדרוקט גע־וואָרען אויף פּאַרמעט.

די טינט איז אומעטום געווען אַ טיף־שוואַרצע. אַנדערע קאָלירן, ווי רויט, למשל, זיינען זייער זעלטן באַנוצט געוואָרן. ס׳איז באַקאַנט אַ ספר, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין פרייבורג, אין 1584, מיט רויטע ראַנד־באַמערקונגען. כמעט אין דער זעלבער צייט האָט אַ קריסטלעכער דרוקער אין האַמבורג אָפּגעדרוקט אַ ספר, וואו דער העברעאישער טעקסט איז געווען שוואַרץ און די נקודות, וועלכע מען האָט געגאָסן באַזונדער, און ניט איינגעשניטן אין שריפט גופא, זיינען געדרוקט געוואָרן מיט רויטע טינט.

דרייפאַכע דרוק־שריפטן זיינען געווען איינגעפירט אין די אידישע דרוקערייען: אותיות מרובעות (פירקאַנטיקע), רש״י־כתב און „ווייבער טייטש"־כתב. די ערשטע שריפט, די „מרובע", פלעגט מערסטנס גיין פאַר ביבלישע און ליטורגישע (סדורים, מחזורים) צוועקן, די צווייטע, רש״י כתב, פאַר רבנישע ספרים, מיט׳ן אויסנאַם פון תלמוד גופא, וועלכער ווערט שטענדיג געדרוקט נאָר אין די אותיות מרובעות. אויך „ווייבער טייטש" כתב האָט אַ לאַנגן יחוס: אין אים איז געדרוקט דער רש״י און תרגום אין אַ חומש, וואָס איז דערשינען אין באָלאָניע, איטאַליע, נאָך אין יאָר

1482. נאָכ׳ן יאָר 1550 ווערט אָט די שריפט באַנוצט נאָר פאַר ביכער און ספרים אין „אידיש־דייטש", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן אונזער מאַמע־לשון.

פון די ערשטע צוויי אידישע דרוקערייען, וואָס פון זיי האָבן מיר ממשות׳דיקע באַווייזן, ד. ה. ספרים וועלכע זיינען אַרויס אין איטאַליע אין יאָר 1475, האָט זיך איינע נאָר באַנוצט מיט אַ מין רש״י כתב אַלפאַבעט פון איין גרויס, און די צווייטע נאָר מיט די אותיות מרובעות, אָבער אין דריי פאַרשידענע גרויסן. אין די שפּעטערדיקע דרוקערייען וואַקסט די צאָל פון אַלף־בית׳ן, באַזונדערס אין די הלכה ספרים, ווי רמב״ם און שולחן ערוך, וואו ס׳זיינען דאָ מערערע מפרשים און עס איז נויטיק צו נוצן אַ באַזונדערן שריפט (לויט גרויס פון אות) פאַר יעדן איינציקן פירוש.

אַ וויכטיקן פּלאַץ פאַרנעמען ביי די ערשטע דרוקער די פאַרצירונגען. די דרוקער פון דער סאָנטשינאָ משפחה זיינען געווען די ערשטע צו פאַרצירן זייערע ספרים מיט האָלץ־גראַווירונגען, מערסטנס איניציאַלן און די אַזוי־גערופענע קאָפּ־אָרנאַמענטן. אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל פלעגט מען באַנוצן דערהויפּט ברייטע רעמלעך פאַר דער פולער זייט און וואָרט־רעמלעך, צוזאַמען מיט׳ן ברייטן ראַם (אַרום דער ערשטער זייט) פלעגט אויך קומען דער האָלץ־געשניטענער איניציאַל, באַזונדערס אין די ליסבאָנער דרוקן. מיט׳ן אויפקום פון באָמבערג׳ס דרוקעריי פאַרשווינדט די מיט אַ רעמל פאַרצירטע ערשטע זייט און איר פּלאַץ פאַרנעמט דער „טיטל־פּאָרטאַל", אָדער שער־בלאַט.

דאָס פעלן פון שער אין די ערשטע דרוקן איז אויך אַ רעזולטאַט פון דעם איינפלוס וואָס די געשריבענע ספרים האָבן נאָך אַלץ געהאַט אויפ׳ן געדרוקטן בוך, ווייל אין די מאַנוסקריפּטן הויבט זיך דער טעקסט אָן גלייך אויפ׳ן שער־בלאַט, אָדער אויפ׳ן צווייטן זייטל, לאָזנדיק די ערשטע זייט אינגאַנצן פּוסט. דעם נאָמען פון מחבר געפינט מען געוויינלעך אין דער הקדמה. מאַנכמאָל שטייט אין אָנפאַנג בוך, אַנשטאָט דעם נאָמען פון מחבר, דער נאָמען פון אַרויסגעבער, אָדער פון דעם צו וועמען דער ספר איז געווידמעט. דער אָרט און יאָר פון דרוק פעלן בכלל, אָדער געפינען זיך צום סוף פון ספר, אין „קאָלאָפאָן". אין פאַרלויף פון דער צייט גייט דער שער אַריין אין דער מאָדע. די ערשטע שערים זיינען אָבער זייער לאַקאָניש, קורץ, און האָבן אין זיך ניט מער ווי דעם טיטל

# שיר

השירים אשר לשלמה: ישקני מנשיקות פיהו כי טובים דדיך מיין:

**שירין** ותושבחן די אמר שלמה נביא מלכא דישראל ברוח נבואה

קדם רבון כל עלמא ייי עשרתי שירתא אתאמרו בעלמא הדין שירא דין משבח מכולהון שירתא קמיתא אדם בזמן דאשתביק ליה חובתיה ואתא יומא דשבתא ואגין עלוהי פתח פומיה ואמר מזמור שיר ליומא דשבתא שירתא תניתא אמר משה עם בנוי דישראל בזמן די בזע להון מרי עלמא ית ימא דסוף פתחו כולהון ואמרו שירתא כחדא דהכדין כתיב בכן שבח משה ובני ישראל שירתא תליתאה אמרו בנוי דישראל בזמן דאתיהבת להון בארא דמיא דהכדין כתיב בכן שבח ישראל שירתא רביעאה אמר משה נביא כד אתא זמניה למפטר מן עלמא ואוכח בה ית עמא בית ישראל דהכדין כתיב אציתו שמיא ואמליל שירתא חמישאה אמר יהושע בר נון כד אגח קרבא בגבעון וקמו ליה שמשא וסיהרא תלתין ושית שעין ופסקו מלמימר שירתא פתח פומיה הוא ואמר שירתא דהכדין כתיב בכן ישבח יהושע קדם ייי שירתא שתיתאה אמרו ברק ודבורה ביומא דמסר ייי ית סיסרא וית משירייתיה ביד בנוי ישראל דהכדין כתיב ושבחת דבורה וברק בר אבינועם שירתא שביעאה אמרת חנה בזמן דאתיהבת לה בר מן קדם ייי דהכדין כתיב וצליאת חנה בנבואה ואמרת שירתא תמיניתא אמר דוד מלכא דישראל על כל ניסיא דעבד ליה ייי פתח פומיה ואמר שירתא דהכדין כתיב ושבח דוד בנבואה קדם ייי שירתא תשיעאה אמר שלמה מלכא דישראל ברוח קודשא קדם רבון כל עלמא ייי ושירתא עשיריתא עתידין למימר בני גלותא בעידן דיפקון מגלותא דהכדין כתיב ומפרש על ידוי די ישעיה נביא שירא הדין יהא לכון לחדוה כליל אתקדשות חגא דפסחא וחדוות לבא כעמא דאזלין לאתחזאה קדם ייי תלת זמנין בשתא בזיני זמר וקל טבלא למיעל לטורא דייי ולמפלח קדם ייי תקיפא דישראל: ישקני: אמר שלמה נביא בריך שמיה דייי די יהב לן אורייתא על ידוי דמשה ספרא רבא כתיבא על תרין לוחי אבניא ושיתא סידרי משנה ותלמודא בגירסא והוה מתמליל עמן אפין באפין כגבר דנשיק לחבריה מן סגיאות חביבותא דחביב לן יתיר משבעין עממיא: ריח

**אחת** דבר אלהים שתים זו שמעתי· מקרא אחד יוצא לכמה טעמים וסוף דבר אין לך מקרא יוצא מידי פשוטו ומשמעו· ואע״פי שדברו הנביאים דבריהם בדוגמא צריך ליישב הדוגמא על אופניה ועל סדרה כמו שהמקראות סדורים זה אחר זה· ראיתי לספר הזה כמה מדרשי אגדה יש סודרים כל הספר הזה במדרש אחד ויש מפוזרים בכמה מדרשי אגדה מקראות לבדם ואינם מתיישבים על לשון המקרא וסדר המקראות· ואמרתי בלבי לתפוש משמעות המקרא ליישב ביאורם על סדרם והמדרשות מרבותינו אקבעם מדרש ומדרש איש איש במקומו· ואומר אני שראה שלמה ברוח הקדש שעתידין ישראל לגלות גולה אחר גולה חורבן אחר חורבן ולהתאונן בגלות זה על כבודם הראשון ולזכור חבה ראשונה אשר היו סגולה לו מכל העמי׳ לאמר אלכה ואשובה אל אישי הראשון כי טוב לי אז מעתה ויזכרו את חסדיו ואת מעלם אשר מעלו ואת הטובות אשר אמר לתת להם באחרית הימים· ויסד ספר הזה ברוח הקדש בלשון אשה צרורה אלמנות חיות משתוקקת על בעלה מתרפקת על דודה מזכרת אהבת נעוריה אליו ומודה על פשעיה אף דודה צר לו בצרתה ומזכיר חסדי נעוריה ונוי יופיה וכשרון פעליה אשר בהם נקשר עמה באהבה עזה להודיעה כי לא מלבו ענה· ולא שלוחיה שלוחין· כי עוד היא אשתו והוא אישה·

**שיר** השירים אשר לשלמה· אמרו רבותינו כל שלמה האמורים בשיר השירים קדש מלך שהשלום שלו· שיר שהוא על כל השירים אשר נאמרו להקב״ה מאת עדתו ועמו כנסת ישראל: אמר רבי עקיבא לא היה העולם כולו כדי כיום שניתן בו שיר השירים לישראל שכל הכתובי׳ קדש ושיר השירים קדש קדשים· אמר רבי אלעזר בן עזריה למה הדבר דומה למלך שנטל סאה חטין ונתנה לנחתום אמר לו הוצא לי כך וכך סולת וכך סובין וכך מורסן וסלות לי מתוכה גלוסקא אחת מנופה ומעולה· כך כל הכתובים קדש ושיר השירים קדש קדשים· שכולו יראת שמים וקבול עול מלכותו ואהבתו: ישקני מנשיקות פיהו·

תנ"ך: שיר השירים

ערשטע פולע רבנ'ישע תנ"ך אויסגאַבע

װענעציע, 1517־1518, דניאל באָמבערג

(שטאַרק פאַרקלענערט)

און באַמען פון מחבר. מיט דער צייט ווערן זיי אַלץ ברייטער און ברייטער, ביז וואַנען זיי ווערן אינגאַנצן אויסגעפּילט.

דער אינהאַלט פון די שערים איז שטאַרק פאַרשידן. טייל מחברים און דרוקערס פּילן אויס דעם שער מיט פּסוקים פון תנ"ך, וואָס האָבן אַ באַציאונג צום אינהאַלט פון ספר. אויפן זעלבן אופן, מיט פסוקים, פלעגן די עלטערע מחברים בכלל אָנפאַנגען זייערע ווערק. פּסוקים, ווי „זה השער לה'", ווערן אויך אַריינגעשטעלט אין די גראַווירונגען און פאַרשידענע פאַרצירונגען פון שער, ווי קליינע און גרויסע פאַרטאַלן מיט קאָלאָנען, מלאכים־קעפּלעך, אָדם און חוה און אַנדערע סצענעס פון דער ביבל א. א. וו. בדרך הכלל איז דער שער מער געווען דער געביט פון דרוקער אָדער פאַרלעגער ווי פון מחבר. דער דרוקער־פאַרלעגער לויבט אָפט אין שער־בלאַט די גרויסע מעלות פון בוך, די שיינקייט פון דרוק, און די מי וואָס די אויסגאַבע האָט געפאָדערט. די רעקלאַמעס פון די דרוקער צעגיסן זיך אָפט אין אַ מבול פון געגראַמטע און ניט־געגראַמטע מליצות, אָפטמאָל וויציקע אָדער שרייאיקע, באַזונדערס אין די ספרים'לאַך אויף אידיש־טייטש, ווי די מעשה־ביכלאַך, פּורים־שפּילן, דינים־זאַמלונגען, אַלץ דרוק־ווערק וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר פרויען און פאַר דער מאַסע, וואָס האָבן ווייניק פאַרשטאַנען העברעאיש.

חוץ דעם שער האָבן מאַנכע אַלטע דרוקן פאַרשידענע אויפשריפטן, די אַזוי־גערופענע „עפּיגראַפן", און איבערשריפטן פון קאַפּיטלאַך אָדער פון טיילן פון ספר. די עפּיגראַפן זיינען אָפט פאַרצירט מיטן דרוקער־צייכן, בלומען־קערב, קליינע טעמפּלען א. אַז. וו. [2] וואו ביט וואו וואַרפט זיך אין זיי דורך אַ ידיעה וועגן אַ וויכטיקער געשעעניש פון מאָמענט. אַזוי ווערט דערציילט אין אַ ווענעציאַנער שולחן ערוך, געדרוקט אין יאָר 1574, וואָס פאַר אַ כבוד די שטאָלצע רעפּובליק ווענעציע האָט אָפּגעגעבן דעם דאָקטאָר שלמה בן נתן פון אודינע, וועלכער איז געווען אַ געזאַנדטער פון דעם טערקישן סולטאַן סעלים.

מיר זעען פון אָט־דער באַשרייבונג, מיט וואָס פאַר אַ ליבע און התלהבות די ערשטע דרוקער פלעגן אויספירן זייער אַרבעט. זיי, ווי דער גאַנצער אידישער עולם, האָבן ממש פאַרהייליקט דעם אינהאַלט און די פאָרם פון די געדרוקטע ספרים, דעם גרעסטן פאַרמעגן פונ'ם ליידנדן אידישן וואַנדער־פאָלק. שוין אַן אַלטער דיכטער האָט געקלאָגט „ואין לנו שיור רק התורה הזאת" — די

# מאי

# סוכה

שהיא גבוהה למעלה מעשרים אמה פסולה ורבי יהודה מכשיר ושאינה גבוהה עשרה טפחים ושאין לה שלשה דפנות ושחמתה מרובה מצילתה פסולה: גמ' תנן התם מבוי שהוא גבוה מעשרים אמה ימעט רבי יהודה אומ' אינו צריך מאי שנא גבי סוכה דתני פסולה ומאי שנ' גבי מבוי דתני תקנתא סוכה דאורייתא תני פסולה מבוי דרבנן תני תקנתא ואיבעית אימא בדאורייתא נמי תני תקנתא מיהו סוכה דנפישי מילה פסיק ותני פסולה מבוי דלא נפיש מיליה תני תקנתא מנא הני מילי אמר רבה דאמ' קרא למען ידעו דורותיכם כי בסוכו' הושבתי את בני ישראל עד עשרים אמה אדם יודע שהוא דר בסוכה למעלה מכ' אמה אין אדם יודע שדר בסוכה משו' דלא שלטא בה עינא ורבי זירא אמ' מהכא וסוכה תהיה לצל יומם מחורב עד עשרי' אמה אדם יושב בצל סוכה למעלה מעשרים אמה אין אדם יושב בצל סוכה אלא בצל דפנות אמר ליה אביי אלא מעתה העושה סוכתו בעשתרו' קרנים הכי נמי דלא הוי סוכה אמר ליה התם הל' עשתרות קרנים איכא צל סוכה הבא הל' דפנות ליכא צל סוכה ורבא אמר מהכא בסוכות תשבו שבעת ימים אמר' תורה כל שבעת הימים צא מדירת קבע ושב בדירת עראי עד עשרים אמה אדם עושה דירתו דירת עראי למעלה מעשרים אמה אין אדם עושה דירתו דירת עראי אלא דירת קבע אמר ליה אביי אלא מעתה עשה מחיצו' של ברזל וסכך על גבן הכי נמי דלא הוי סוכה אמר ליה הכי קאמינ' לך עד עשרים אמה דאד' עושה דירתו דירת עראי כי עביד ליה דירת קבע נמי נפיק למעלה מעשרי' אמה דאדם עוש' דירתו דירת קבע כי עביד ליה דירת עראי נמי לא נפיק

כולה

תלמוד בבלי : סוכה
ערשטע פולע תלמוד אויסגאַבע
ווענעציע, 1521, דניאל באָמבערג
(שטאַרק פאַרקלענערט)

ליטעראַטור, מיינט עס, איז דער איין־איינציקער אוצר וואָס די שונאים ווילן און קענען פון דעם אידישן פאָלק ניט אַוועקרויבן. פון שטענדיק איז דאָס בוך ניט נאָר געווען דער טרייסטער אויס־דרוק פון די טיפסטע רעגונגען פון דער אידישער נשמה, נאָר „דער ספר איז בכלל געווען די נשמה פון אידישן פאָלק, דער קוואַל פון וועלכן דער איד האָט געשעפּט זיין גייסטיקן חיות, זיין איינציקער אייגנס און טרייסט, און אויך דער איינציקער געווער, מיט וועלכן ער האָט פאַר זיך געשאַפן אַ געוויסע פּאָזיציע, אַ גייסטיקע היים־לאַנד, אין אַ וועלט פול מיט ביטערע שונאים" (דר. י. מ. זאַלקינד).

אָט־די טיפע ליבע צו די גרויסע אידישע גייסטיקע אוצרות האָט אַוועקגעלעגט איר אָפּשטעמפּלונג אויף די ערשטע געדרוקטע ספרים. דער דאָזיקער געפיל טראָגט זיך פון צווישן די שורות, וואָס זיינען פיין־פּראָפּאָרציאָנעל געזעצט, ניט צו שיטער און ניט צו געדיכט, אין דעם זאַץ־בילד, און פון די ברייטע פאַרנעמע ראַנדן אַרום דעם זאַץ־בילד. די שפּיל פון ווייס און שוואַרץ, דער קאָנטראַסט צווישן דרוק און דעם פּאַפּיר, אָט־דער סוד פון דער טיפּאָגראַפישער קונסט, איז אין די ערשטע געדרוקטע ספרים דערפירט געוואָרן ממש צו דער שטופע פון אַן אָריגינעלער מייס־טערשאַפט, פּונקט ווי די שפּיל פון ווייס און שוואַרץ איז אַזוי מייסטערהאַפט און איר איינפאַכקייט, אָבער דאָך עלעגאַנט, פאַרקער־פּערט געוואָרן אין דעם דעקאָראַטיוון מאָטיוו פון טראַדיציאָנעלן אידישן טלית.

די בליאונג־צייט פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. אַזוי שנעל ווי דאָס געדרוקט בוך האָט אינגאַנצן אַרויסגעשטופּט די אַרבעט פון די קאָפּיסטן, און די קאָנקורענץ פון די פיינע שריפט־ווערק איז בטל געוואָרן, איז באַלד אויך געקומען די ירידה פון דער דרוקעריי־קונסט. דער באַדאַרף אין געדרוקטע ביכער פלעגט וואַקסן, און דער דרוקער און בוך־פאַרלעגער האָבן געזוכט צו שאַפן וואָס מערער עקאָנאָ־מיעס אין די מאַטעריאַלן און אַרבעט און צו פאַרשנעלערן די בוך־פּראָדוקציע. במילא איז די בוך־אויסאַרבעטונג געפאַלן צו דער שטופע פון אַ ביליקער מאַסן־פּראָדוקציע, אַ מלאכה וועלכע טראָגט שוין מער ניט אויף זיך די שפּורן פון דעם פריערדיקן טיפן אָפּשוי ניט בלויז צום אינהאַלט, נאָר אויך צו דער פאַרקער־פּונג פון גייסט אין דער פאָרם פון אַ בוך־ווערק.

פון איטאַליע איז די אידישע בוך־דרוקעריי אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ סך אַנדערע צענטערן פון אידישן ישוב פון איי־ראָפּע. חוץ אין פּראָג, וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט, זיינען גע־גרינדעט געוואָרן אידישע דרוקערייען אין פּאַריז און אין אַ סך שטעט פון דייטשן שפּראַך־געביט, ווי באַזעל, האַנאו, אוגסבורג א. אַנד. אין באַזעל האָט דער באַרימטער קריסטלעכער דרוקער יאָהאַן פראָבען געדרוקט אַ סך פיינע ביכער אין העברעאיש, דער־הויפּט די ווערק פון דייטשן הומאַניסט סעבאַסטיאַן מינסטער. ביי אידן איז דאָס געדרוקט בוך געוואָרן אַ פאַרשפּרייטער און פאָפּולערער געברויך־געגנשטאַנד. נאָך מער: דער בוך־דרוק טראָגט אַריין אַ רעאָרגאַניזאַציע אין גאַנצן קהל׳שן לעבן, אין שטייגער פון דאַוונען און לערנען למשל. די איינטיילונג פון תנ״ך אין קאַפּיטלען, פון דעם תלמוד אין בלעטער (דפים) און אַזוי ווייטער, איז געמאַכט געוואָרן פון די ערשטע דרוקער צוליב טי־פּאָגראַפישער באַקוועמלאַכקייט, און זייער אויפטו איז פאַרבליבן אומפאַרענדערט ביז היינט. ווידער, האָט די בוך־דרוקעריי מעגלעך געמאַכט אַן איינהייטלעכן סדר פון דאַוונען און פון דעם לעבנס־שטייגער בכלל. פריער פלעגט כמעט יעדע קהלה האָבן אירע אייגענע מנהגים, איר נוסח און גאַנג פון פירונגען אין שול, חדר און הויז. לאַנג האָבן די אידישע גייסטיקע פירער געשטרעבט צו דערנענטערן די צעוואָרפענע קבוצים צווישן זיך, דורך גע־מיינזאַמע כללים און דינים. דאָס איז אָבער מעגלעך געוואָרן ערשט דאַן ווען ס׳איז געקומען דער געדרוקטער ספר, די בוך־דרוקעריי. אַן אַלגעמיינער פאַר אַלע קהלות נוסח פון סידור און מחזור האָט אַרויסגעשטויסן די פריערדיקע לאָקאַלע נוסחאות, און דער בוך האָט געשאַפן אַ מין גייסטיקן „קבוץ גליות״, אַ פאַראייניקטן פאָלק. פון אַ סך מנהגים אין סדר פון תפלה, למשל, זיינען שפּעטער פאַרבליבן ניט מער ווי צוויי — דער מנהג אשכנז פאַר די אידן פון צענטראַל־ און מזרח־איירָאָפּע, און דער מנהג ספרד פאַר די אידן פון זיד־איירָאָפּע און נאָרד־אַפריקע, ווי אויך פון נאָענטן אָריענט ,ווי טערקיי, ארץ־ישראל א. א. וו. מיט איין וואָרט: דער מנהג, דער נוסח, פלעגט נאָכפאָלגן די דרוק־אויס־גאַבעס פון סדורים און ספרים. אַט אַזוי טיף האָט די דרוקעריי באַאיינפלוסט דעם אידישן לעבן.

באַזונדערס גרויס און וויכטיק איז געווען די באַדייטונג פון דרוק־וואַרשטאַט פאַר דעם אויפקום פון דער ליטעראַטור אין

אידיש. אויך ביי די „אומות העולם" האָט די דרוקעריי ערשט מעגלאַך געמאַכט, אַז די פּשוטע פאָלקס־שפּראַך זאָל דערהויבן ווערן צו דער שטופע פון אַ פאָלקס־ליטעראַטור, ווי אַ פאַקטאָר פון דער נאַציאָנאַלער קולטור בכלל. ביי אונז אידן האָט אָבער די פאַרשפּרייטונג פון בוך־דרוקעריי געמאַכט אַ גאַנצע איבערקע־רעניש אין קולטור־לעבן, ווייל דער בוך, וואָס איז געוואָרן צו־געגנלעך אין פּרייז פאַר אַלעמען, האָט ערשט געשאַפן די פאַר־באַדינגונג פאַר אַ ליטעראַטור אין דער פאָלקס־שפּראַך. אין דייטשלאַנד האָט זיך ביי די אידן אַנטוויקלט אַ באַזונדער פּרנסה — „פאַקנטרעגערס", וועלכע פלעגן אַרומפירן און פאַרקויפן די געדרוקטע מעשה־ביכלעך אין „אידיש־דייטש" פאַר די ברייטע פאָלקס־מאַסן. און כדי צו פאַרלייכטערן דעם מסחר און פאַר־אינטערעסירן דעם לייענער, פלעגן זיי איבערדרוקן מיט אַן אידישן שריפט, כמעט אָן שפּראַך־ענדערונגען, די פּאָפּולערע אין יענער צייט דייטשע מעשה־ליטעראַטור, וואָס איז געווען אַזוי שפּאַנענד און באַליבט ווי די היינטיקע ראָמאַנען.[8] אויך די אָריגינעלע פאָלקס־שאַפונג, דער פאָלקלאָר, איז פּאָפּולאַריזירט געוואָרן אַ דאַנק דעם בוך־דרוק. דאָס פאָלק האָט צוריק אין בוך־פאָרם באַ־קומען דאָס וואָס עס האָט במשך פון דורות געשפּונען און גע־שאַפן. ערשט „גוטענבערגס געניאַלע המצאה האָט אין אַ באַ־גרעניצטער מאָס מיטגעווירקט אַז דער אידיש־דייטשער דיאַלעקט (לשון אַשכנז) איז צווישן די אַלע אומגאַנג־שפּראַכן פון אונזער וואַנדער־פאָלק געוואָרן דער איינציקער יורש פון אַמאָליקן אַראַ־מיש־העברעאישן דיאַלעקט, און צוזאַמען מיט אים איז אידיש־דייטש געוואָרן אַ נייער רינג אין דער קולטור־געשיכטע פון אי־דישן פאָלק" (ישראל צינבערג).

זייער קליין אין צאָל זיינען די ווערק אין אידיש וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין איטאַליע בכלל, און אין איר גרעסטן אידישן דרוק־צענטער, ווענעציע בפרט. פיל גרעסער איז די ראָלע פון צווייטן, נאָך ווענעציע, בוכדרוקעריי צענטער ביי די אייראָפּעאישע אידן — אַמסטערדאַם אין האָלאַנד, אַ שטאָט וועלכע האָט אַ לאַנגע צייט באַאיינפלוסט די גאַנצע אידישע בוך־דרוקעריי. אין דער האָלענדישער רעפּובליק האָבן אין אָנפאַנג פון 17טן י"ה זיך באַזעצט די אַנטלאָפענע מאַראַנען פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. מיט אַ גרויסער באַגייסטערונג נעמען זיי זיך צו פאַרשפּרייטן דעם אידישן וויסן און גלויבן דורך דרוק־ווערק. די אומשטענדן זיינען



# דרשות

## התורה לחכם הכולל

### האלהי רבי שם טוב ן' שם טוב ז"ל

בויניציאה העיר הגדולה · המהוללה · אשר תחת ממשלת השררה
יר"ה תגדל ותנשא מלכותה · אמן בשנת שו"ו לפ"ק



בבית בן משקבית האדון מארקו אנטוניו יושטיניאן:

**שער פון דרשות, ר' שם טוב**
**ווענעציע, 1547, דזשוסטיניאַני**
**(שטאַרק פאַרקלענערט)**

געוועזן דערצו גינסטיק. אין קיין לאַנד האָבן די אידן דעמאָלט ניט געהאַט אַזעלכע גרויסע פרייהייטן ווי אין האָלאַנד. אַ גרויסער טייל פון דער אַמסטערדאַמער קהלה איז געווען געבילדעט, פאַר־נעם און רייך. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ גוטן מאַרק פאַר ביכער און ספרים שוין אויפן אָרט גופא. די ערשטע דרוקעריי אין אַמ־סטערדאַם איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1626 פון באַוואוסטן אידישן פירער ר׳ מנשה בן ישראל (1604־1675). ער האָט לחלוטין זיך אָפּגעזאָגט נאָכצומאַכן דעם דרוק־סטיל פון ווענעציע, און האָט געלאָזן שניידן אַ נייעם העברעאישן דרוק־שריפט. אין פאָרמאַט, זאַץ און אָרנאַמענטן פלעגט ר׳ מנשה בן ישראל נאָכ־מאַכן דעם סטיל פון האָלאַנד, וואו די דרוקעריי איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. אין אַמסטערדאַם האָבן די דרוקער, מדפיסים, איינגעפירט אַן אינטערעסאַנטן טיפּאָגראַפיש־טעכנישן חידוש: אַ דאָפּלטן שער־בלאַט, איינער מיטן טיטול פון בוך אָבער בקיצור און מיט אַ סך פאַרצירונגען, און אַ צווייטן אָן קיין שום פאַרצירונג, אָבער מיט אַן אויספירלאַכער באַשרייבונג פון ספר א. א. וו.

אין משך פון 17טן און 18טן י״ה האָט אַמסטערדאַם געהאַט איבער צוואַנציק אידישע דרוקערייען, צווישן זיי עטלאַכע וואָס האָבן באַלאַנגט צו קריסטן. אין די דרוקערייען פלעגט מען באַ־שעפטיקן אידישע אַרבעטער פון פוילן און אוקראַינע, וואָס די מערסטע פון זיי פלעגן זיין אַנטלאָפענע פון די בלוטיקע רדיפות אין כמעלניצקיס צייטן (אַרום 1650). איין אידישע דרוקער־פאַמיליע, פּרופּס, האָט געפירט אַ זייער ברייטע דרוק און פאַרלאַג־אַרבעט במשך פון קרוב 150 יאָר, פון 1704 ביז 1849.

אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע האָט געהאַט דער אַמסטערדאַמער דרוקער יוסף עטיה (אַטיאַס). אין זיין אַרבעט האָט די אַמסטער־דאַמער אידישע דרוקעריי־קונסט און מלאכה דערגרייכט איר פיינ־סטע בליאונג. געבאָרן אין שפּאַניע, אין 1635, ווי אַ מאַראַן (זיין פאָטער איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין קאָרדאָבא אין 1665, אַ קרבן פון דער אינקוויזיציע), האָט יוסף עטיה געעפנט זיין דרוקעריי אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1658. ער איז געווען דער ערשטער אידישער דרוקער וואָס האָט באַהערשט זיין פאַך אין אַלע זיינע צווייגן, זייענדיק חוץ אַ מייסטער פון דרוק־וועזן אויך אַ שריפטגיסער, פאַרלעגער און בוכהענדלער. ער איז געווען דער



זה השער לי״

ספר

# תולדות יצחק

פירוש על התורה להחכם הכולל כמהר״ר יצחק קארו ז״ל· זקנו של החכם השלם והחסיד כמהר״ר יוסף קארו יצ״ו מנחת סבליל בעלון הוכב· וסגולת ספר יקר כערך לא יערכנו זהב וזכוכית כולו סולת נקיה מחדושים לא קדמוהו אלהן נאמות ערבים על פשטם · ודרשם

## פה מנטובה

[illegible] [illegible] ל״ס [illegible] [illegible]

בבית [illegible] [illegible] [illegible]

ע״י השותפים [illegible] [illegible] כמ״ר מאיר [illegible] [illegible] [illegible] [illegible]

ויעקב בכמ״ר נפתלי הכהן ז״ל מגאזולו

שער פון תולדות יצחק
מאַנטואַ, 1558, מאיר דמנטוה (שטאַרק פאַרקלענערט)

ערשטער אידישער דרוקער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ קאַטאַלאָג פון זיינע דרוק־שריפטן (לעטער־פּרוף), וועלכער ווערט איצט אָפּ־געהיט, ווי אַ גרויסער דרוק־אַנטיק, אין דער ביבליאָטעק פון דער אוניווערזיטעט אין ליידן, האָלאַנד. אַלע דרוק־ווערק פון עטית׳ס פּרעס, צווישן זיי אַ גרויסע „יד חזקה" (משנה תורה פון רמב״ם) אויסגאַבע, די אידישע תנ״ך־איבערזעצונג פון וויצנהויזן און אַנד. זיינען מייסטער־ווערק פון בוך־דרוקעריי אין דער פּעלערלאָזיקייט פון דרוק, אין פיינעם פאָרמאַט און אויסזען און שיינע דרוק־שריפט. ער האָט פאַר זיין אַרבעט באַקומען פון דער רעגירונג מעדאַלן און פּריווילעגיעס. נאָך זיין טויט (אין יאָר 1700) האָט די דרוקעריי איבערגענומען זיין זון, און שפּעטער איז די גאַנצע איינריכטונג אַריבער צו דער באַוואוסטער דרוקער־פאַמיליע פּרופּס.

פון אַמסטערדאַם זיינען אין משך פון אַ יאָרהונדערט, אָנ־פאַנגנדיק מיט 1627, אַרויסגעגאַנגען און פאַרשפּרייט געוואָרן בי־כער און ספרים איבער דייטשלאַנד, פּוילן, ליטע און אַנדערע לענ־דער. די אַמסטערדאַמער ספרים האָבן געהאַט אַזאַ נאָמען ביי אידן, אַז די דרוקערייען אין אַנדערע לענדער פלעגן לשם רעקלאַ־מע שטעלן אויף זייערע אויסגאַבעס „נדפס באותיות אַמשטרדם" אָדער „כמו שנדפס באַמשטרדם". די ווערטער „כמו שנדפס" פלעגן דערביי געדרוקט ווערן מיט אַ גאַנץ קליינעם שריפט און דאָס וואָרט אמשטרדם מיט גאָר אַ גרויסן, כדי דער ניט־געניטער קונה זאָל מיינען, אַז ער האָט פאַר זיך טאַקע אַן אָריגינעלן אַמ־סטערדאַמער דרוק. אַזעלכע אימיטאַציעס פלעגן פריער באַנוצט ווערן אויך אין ווענעציע, וואו שלעכטע דרוקער פלעגן ניט זעלטן שטעלן אויף זייערע ספרים „נדפס באותיות בומברג".

אָבער אויף די מערסטע אימיטאַציעס פון אַזאַ מין, ווי אויף אַ סך אָריגינעלע דרוק־ווערק פון שלעכטע אידישע דרוקערייען, האָט זיך דייטלאַך געלאָזט זען די ניט־פולקאָמקייט פון דעמאָלדיקן דרוק ביי אידן און פון די שלעכטע אותיות־שניצער. איין אות איז דאָרט שווער צו אונטערשיידן פון אַן אַנדערן, אַן ענלאָכן צו אים, למשל צווישן אַ „ה" און אַ „ח", אָדער אַ דלד פון אַ ריש, אָדער אַ „כ" פון אַ „ב" א. ד. גל. (אויך אַ קמץ פון אַ פתח א׳ אַ. וו.). די „טעמים" (טראָפּ) למשל געפינען מיר שוין די ערשטע געדרוקטע חומשים אָבער ווי די נקודות זיינען אויך זיי געווען מערסטנס אומגעשיקט און אומרעגלמעסיק געמאַכט. פאַרקערט, ווידער, מיטן אויסדרוק „דפוס אמשטרדם" פלעגט מען ביי אידן

לאַנג באַצייכענען יעדן שיינעם מין שריפט, אפילו ווען ער איז גאָר־ניט געשניטן און באַנוצט געוואָרן פון די אַמסטערדאַמער דרוקער. אַזוי איז אויך אַריין אין געברויך דער נאָמען „איטאַליק", ווי אַ שם־דבר פון אַ פיינער דרוק־שריפט, וועלכע פלעגט געמאַכט ווערן אין אַלע לענדער און ניט בלויז אין איטאַליע (וואו מען האָט וואַרשיינלאַך זי צום ערשטן מאָל געשניטן).

אין אַמסטערדאַם זיינען אויך אַרויסגעגאַנגען די ערשטע צייטונגען ביי אידן. אין 1678 האָבן די פּאָרטוגעזישע אידן אָנגעפאַנגען צו דרוקן די „גאַזעטע דע אַמסטערדאַם", און אין 1686-1687 הויבן אָן צו דערשיינען אין אידיש די „קוראַנטן" („פרייטאָגישע און דינסטאָגישע קוראַנטן").[4]

אין יאָר 1715 האָבן די אַמסטערדאַמער אידישע דרוקער איינגעפירט אַ נייעם פאָרם שריפט, דעם אידישן קורסיוו־שריפט, פאַר די אַזוי־גערופענע „שרייבער־ביכער", ד. ה. מעטאָדן צו לערנען זיך שרייבן אידיש, וועלכע זיינען דעמאָלט אַריין שטאַרק אין דער מאָדע אין די אשכנזישע קהלות, ד. ה. אין דייטשלאַנד, אונגאַרן, פוילן א. אַ. וו.

זייער אָריגינעל און אייגנאַרטיק זיינען אויך די דרוקער־צייכנס פון די גרויסע מדפיסים פון אַמסטערדאַם. עטית האָט געהאַט אַ פּרעכטיקן מאָנאָגראַם פון זיינע איניציאַלן י. א. (אין לאַטיינישן קורסיוו). ביי כ"ץ און פרופס געפינט מען צוויי אויסגעשטרעקטע הענט ווי צום דוכענען. ביי ר' אורי פייבוש — אַ מלאך וואָס גיסט וואַסער. דאָס זיינען געווי דיזעלבע סימבאָלן וואָס מען געפינט אָפט אויף די מצבות פון כהנים און לוים. אויך דאָס איז אַ באַווייז, אַז יענע פּאַרצייטיקע אידישע דרוקער, פונקט ווי זייערע עלטערע פאָרגענגער פון 15טן און 16טן י"ה, האָבן געקוקט אויף זייער אַרבעט ווי אויף אַ הייליקע מלאכה.

# באמערקונגען

[1] אידישע געשריבענע ספרים פון דער צייט פאַרן בוך־דרוק זיינען אויך געווען פון גרויסן פאָרמאַט. אויף דעם האָט נאָך אָנגעוויזן אונזער גרעסטער דיכטער און דענקער פון שפּאַנישן מיטלאַלטער ר' יהודה הלוי (1085-1140) אין זיין „כוזרי" (מ' שני, ס' פ) און האָט דעראויף געגעבן אַזאַ דערקלערונג. אַ סך אידן האָבן געוואָלט און געקענט לערנען, זיינען געווען „יודעי ספר", אָבער

ספרים זיינען געווען וועניק. פלעגן זיך טאַקע זעצן צען אָדער מער אידן אַרום
איין בוך, דעריבער האָט דער ספר געמוזט זיין פון גרויסן־פאָרמאַט. יעדער
איינער פון די צען האָט געמוזט זיך איינבויגן, כדי צו זען דאָס וואָרט און זיך
ווידער בויגן און ווידער צוריק, כדי דער שכן זאָל אויך אַריינקוקן אין ספר.
אָט דערפון, זאָגט ר׳ יהודה הלוי, נעמט זיך דער אידישער מנהג צו שאָקלען
זיך ביים לערנען.

אגב, קען אָט דער מאָטיוו אונז דינען פאַר אַ באַווייז, ווי אויפריכטיק און
גרויס איז געווען די פרייד ביי אידן, ווען די בוך־דרוקעריי האָט פאַרמערט
די צאָל ביכער, און ספרים זיינען געוואָרן צוגענגלעך פאַר אַלע וואָס האָבן גע־
האַט אַ דורשט נאָך חכמה און תורה.

[2] די דרוקער־צייכנס זיינען אין אַ געוויסן זין געווען חתימות, וואָס יעדער
דרוקער פלעגט האָבן כדי צו אונטערשיידן אים פון אַלע אַנדערע דרוקערס. זיי
זעען אויך אויס ווי חתימות, הגם זיי זיינען עפטער אָן נעמען ווי מיט נעמען.
די צייכנס באַשטייען מערסטנס פון געשטאַלטן פון פאַרשידענע חיות, וואָס אַנט־
שפרעכן צו די וואָפן פון דער שטאָט, אָדער מיט אַן אָנדייטונג אויפן נאָמען
פון מדפיס, צום ביישפיל אַ פאַווע ביי סואה פון סובוניוטה, אין איטאַליע;
אַ לייב מיט צוויי ווידלען (דער וואָפן פון פראָג) א. אַז. וו.




דרוקער־צייכן פון דזשוסטיניאַני
(יוסטיניאַן), ווענעציע

זייער אינטערעסאַנט איז געווען דער דרוקער־צייכן פון ווענעציאַנישן קריסט־
לעכן דרוקער יוסטיניאַן: אַ טעמפל, דער בית המקדש, מיט אַ פלאַטערדיקן
באַנד און מיט דער אויפשריפט „גדול יהיה כבוד הבית וכו׳“ (חגי ב. 9). די
סאָנטשינאָס האָבן געהאַט אַ דרוקער־צייכן אין דער פאָרם פון אַ טורעם מיטן
פסוק „מגדל עוז שם ה׳ וכו׳“ (משלי, י״ח, 10).

דער דרוקער־צייכן פון אַ געוויסן אידישן דרוקער אין סבוניעטא, אַ שטעטל
נאָענט צו ווענעציע, איז געווען אַ פאַלמע מיט אַ מגן־דוד און צוויי לייבן,
איידל און געשמאַקפול אויסגראַווירט. דער קינסטלערישער ווערט פון אָט די
צייכנס הענגט אָפ פון דעם אַלגעמיינעם מצב פון דער קונסט, אין דער באַ־
טרעפנדער לאַנד. אין דייטשלאַנד און פוילן, למשל, זיינען די צייכנונגען גע־

ווען פרימיטיוו, בעת אין איטאַליע זיינען זיי ווירקלעך מיניאַטורנע קונסט־ווערק פון אַ גרויסן געשמאַק.

[3] די דאָזיקע ווערק פלעגן געדרוקט ווערן מיט אַ ספּעציעלן כתב, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט. מען האָט אים גערופן „ווייבער־טייטש־כתב״, „תחינה־כתב״ און אויך „צאינה וראינה כתב״, ווייל אָט דער באַרימטער בוך

צדיק כתמר יפרח



דרוקער־צייכן פון טוביה
פוא, סוביאָנעטאַ

אין אידיש־דייטש, אָדער דער טייטש־חומש פאַר ווייבער, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן צוערשט וואַרשיינלעך אין קראָקע אַרום 1620, איז נאַטירלעך אויך געווען געדרוקט מיטן ספּעציעלן כתב פאַר די ספרים און ביכער אין אידיש. די ערשטע אויסגאַבע האָט אונז ניט איבערגעלאָזן קיין איינציקן עקזעמפּלאַר. די עלטסטע איצט עקזיסטירנדיקע קאָפּיעס פון „צאינה וראינה״ שטאַמען פון אַ באַזעלער דרוקעריי פון יאָר 1622. דאָס ווערק איז געוואָרן זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי אידן, און איז אומצייליקע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן.

אויך איז אָט דער ספר אינטערעסאַנט מיט דעם, וואָס ער ווייזט ווי אַזוי די פסוקים, וועלכע די דרוקערס פלעגן שטעלן אויפן שער־בלאַט, האָבן געפירט צו אַזעלכע נעמען פון די ספרים, וואָס די מחברים גופא האָבן פון זיי אפשר גאָרניט געחלומ׳ט. דער ערשטער דרוקער פון דאָזיקן טייטש־חומש („חומש בלשון אשכנז״) האָט אַרויסגעשטעלט אויפן שער־בלאַט אַ פסוק פון שיר השירים: „צאינה וראינה בנות ציון וכו׳״, און דער ספר, וואָס איז זייער שנעל פּאָפּולער געוואָרן, האָט שוין אויף שטענדיק באַקומען דעם נאָמען לויט די ערשטע צוויי ווערטער פון פסוק.

לאַנגע דורות פלעגט מען אידישע מיידלעך ספּעציעל לערנען צו לייענען דעם „צאינה וראינה״ כתב, כדי זיי זאָלן פאַרשטיין ביכער און ספרים געדרוקט אין מאַמע־לשון. ערשט אין מיטן פון 19טן י״ה, אין רוסלאַנד, ווען ס׳האָט אָנגע־פאַנגען צו בליען און וואַקסן די מאָדערנע ליטעראַטור אין אידיש, האָט מען אָנגעפאַנגען אויך די אידישע ביכער צו דרוקן מיט די געוואוינלעכע העברעאישע

„אותיות מרובעות", כדי אפילו די מאַנסבילן, וואָס זיינען ניט צוגעוואוינט גע־
ווען צום „תחינה־כתב", זאָלן די ביכער אין אידיש פריי קענען לייענען.

[4] לכבוד דעם 250־יאָריקן יובילײ פון דער אידישער פרעסע, האָט אין יאָר 1936 דער אַמאָפּטייל פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו יאָרק אַרויסגעלאָזן אַ זאַמלבוך (דר. י. שאַצקי, רעדאַקטאָר) מכח דער פרעסע־געשיכטע ביי אידן. צום סוף פון בוך זיינען דאָרט אָפּגעדרוקט פאַקסימילישע בילדער פון אידישע דרוק־ווערק פון 17טן ביזן 20טן י"ה. — אַ פאָטאָגראַפישן איבערדרוק פון אידישע לידער מיט נאָטן פון ר' אלחנן קירכהן „שמחת הנפש" האָט דר. י. שאַצקי אַרויסגעלאָזן אין יאָר 1926 (ניו יאָרק, מייזעל פאַרלאַג). דער אָריגינאַל איז געדרוקט געוואָרן אין פיורדא, דייטשלאַנד, אין יאָר 1727.



פון אַ מחזור געדרוקט 1485־1486
אין איטאַליע



פון אַ ספר געדרוקט אין לובלין, אַרום 1610

# III

# אידישע דרוקערייען אין פוילן, ליטע און רוסלאַנד

דער אָנפאַנג פון דער אידישער בוך־דרוקעריי אין פוילן איז געמאַכט געוואָרן אין קראָקע, וואו עס האָט זיך אויך דער פוילישער דרוק־וועזן אָנגע־פאַנגען אַרום יאָר 1503. די ערשטע אידישע דרוקערס אין יענער שטאָט זיינען געווען די ברי־דער העליץ וועלכע האָבן אין 1534 אָפּגעדרוקט דעם ערשטן אידישן בוך אין פוילן.[1] אין אַ פאָר יאָר שפּעטער האָבן זיך די ברידער העליץ אָפּגע׳שמד׳ט, האָבן אָבער ווייטער געפירט זייער דרוק, און אין יאָר 1540 האָבן זיי אָפּגעדרוקט דעם עוואַנגעליום (נייער טעסטאַמענט) אין אַן אידישער איבערזעצונג. אַרום יאָר 1560 פאַנגט זיך אָן אַ גרויסע אויפלעבונג פון דרוק־וועזן ביי די פוילישע אידן. דער איינפלוס פון ווענעציע האָט דערגרייכט אויך דאָס ווייטע פוילן. אין יאָר 1569 איז געגרינדעט געוואָרן אין קראָקע דורך ר׳ יצחק אהרן פּראָסטניץ אַ נייע אידישע דרוקעריי; איר פאַרוואַלטער, ר׳ שמואל בעהם, האָט פריער געאַרבעט אין ווענעציע און האָט פון דאָרט

געבראַכט שריפט און דרוק־פּאַרצירונגען. און ווי אַלע איטאַלי־
ענישע מדפיסים האָט ר׳ יצחק אהרן געהאַט אַ סימבאָלישן דרו־
קער־צייכן: צוערשט אַ הירש, און זינט 1592 — פיש, וואָס איז
אַ סימבאָל פון אַ סך קינדער. אין אַן עפּיגראַף (אויפשריפט) צו
זיינעם אַ דרוק־ווערק בעט טאַקע אַט־דער דרוקער, אַז „גאָט זאָל
אים געבן אַן אַנדער זון אַנשטאָט דעם וואָס ער האָט פאַרלוירן, און
אַזוי ווי זיינע קינדער וועלן איבערנעמען שפּעטער דעם געשעפט
זאָלן זיי זיין בני־זקונים״ (דר. י. מ. זאַלקינד). דידאָזיקע דרוקעריי
האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1626 און האָט אַרויסגעלאָזן אַ סך העב־
רעאישע ספרים און ווערק אין אידיש ד. ה. פאָלקס־ביכער.

נאָך אין יאָר 1556 איז געגרינדעט געוואָרן אַן אידישע דרו־
קעריי אין לובלין, וועלכע איז געשטאַנען, אין אויסוואַל פון שריפטן
און אָרנאַמענטן, אונטערן איינפלוס פון פּראַג. אַ שאַרפע קאָנקו־
רענץ איז אָנגעגאַנגען צווישן דער גרויסער קראָקעווער דרוקעריי
פון פּראָסטניץ און דער עלטערער לובלינער דרוקעריי, וועלכע האָט
געהערט צו דער משפחה יאָפע. אויך אין לעמבערג און אַנדערע
קהלות זיינען אויפגעקומען אידישע דרוקערייען. מען פלעגט אין
יענער צייט דרוקן אין פּוילן אַ סך ליטורגישע ביכער (סידורים
א. אַ. וו.) און אויך גרויסע ווערק, ווי די גמרא און דער זוהר.
גאַנץ שיין איז אַ לובלינער אויסגאַבע פון זוהר פון יאָר 1623,
וועלכע האָט אַ סך פיינע טיפּאָגראַפישע אָרנאַמענטן, וואָס האָבן
געשטאַמט פון די גרעסערע אייראָפּעאישע צענטערן פון אידישן
דרוק־וועזן, ווי באַזעל, פּראַג און אַנד. אין משך פון 60־70 יאָר
(פון 1559 ביז 1628) זיינען אין לובלין און קראָקע אָפּגעדרוקט
געוואָרן פיר תלמוד אויסגאַבן. און וויסן מוז מען, אַז דער דרוק
פון תלמוד פאָדערט שטענדיק גרויסע טיפּאָגראַפישע אָנשטרענ־
גונגען. יעדעס מאָל פלעגן די גדולי הדור אַרויסגעבן הסכמות
און דעם דרוקער באַשיצן פאַר דער אויסלענדישער קאָנקורענץ.
אין דער הסכמה צו דער ערשטער לובלינער אויסגאַבע פון תלמוד
בבלי (1559) ווערט געזאָגט, אַז מען טאָר זיך ניט באַנוצן אין קיין
ישיבה פון די פּוילישע לענדער מיט קיין אַנדער אויסגאַבע ווי
נאָר מיט דער לובלינער. אין די ישיבות פלעגט מען לערנען די
מסכתות אין אַ סדר ווי זיי זיינען געדרוקט געוואָרן אין לובלין.
מיר זעען אַלזאָ דאָ ווידער אַ ביישפּיל ווי די פּראָדוקטן פון דער
אידישער בוך־דרוקעריי האָבן געווירקט אויף דעם גאַנג פון אידישן
לעבן און דערציאונג־שטייגער אין אַ סך הונדערטער קהלות. אין



הטור השיני
והוא הנקרא יורה דעה
נדפס על יד יוהניס
העליצי ובסיוע יוהניס
קורציוס מגלוגא גדול
פה בקראקא הבירה

ארבעה טורים: טור שני

קראָקע, אַרום 1540, יאָהאַניס העליץ

דער אינעווייניקסטער שער־בלאַט פון אָט דעם זייער זעלטענעם בוך ווערט דאָ רע־פּראָדוצירט (צום ערשטן מאָל) אין דער אָריגינעלער גרויס פון עקזעמפּלאַר, וואָס געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון איד. טעאָלאָג. סעמינאַר אין ניו יאָרק.

יענער צייט זיינען אין פוילן געווען אויך אַ סך אידישע איינבינדער בעלי־מלאכות. [2]

אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י״ה האָט דער בוך־דרוק ביי די פוילישע אידן דורכגעמאַכט אַ שטאַרקע ירידה אין פאַר־בינדונג מיטן חורבן פון כמעלניצקיס שחיטות און גזירות (נאָך 1648) אין אַ סך טיילן פון דער גרויס־פוילישער מדינה. אַן אויפלעבונג פון אידישן דרוק אינ׳ם הויפט־צענטער פון דרוק־וועזן ביי די פוילישע אידן, ד. ה. אין יענע פּראָווינצן וואָס רופן זיך היינט אָן גאַליציע, איז געקומען ערשט אין סוף 17טן י״ה. דעמאָלט איז אַהין אָנגעקומען איינער פון די בעסטע אידישע דרוּ־קערס אין אַמסטערדאַם, ר׳ אורי פייבוש, און האָט געגרינדעט אַ דרוקעריי אין זשאָלקאָוו (אין 1690).

די זשאָלקאָווער דרוקעריי פלעגט דרוקן ספרים פיין, פאַרבעם און ריין (אָן גרייזן), בעת די אַלטע אידישע דרוקן אין לובלין און קראָקע פלעגן קלאַפּן נאַכלעסיק און אויף אַ זייער שלעכטן פּאַפּיר. ס׳איז ניט קיין וואונדער, אַז די אַלטע דרוקער זיינען גלייך געוואָרן שונאים פונ׳ם נייעם קאָנקורענט און האָבן אים אַ לאַנגע צייט באַקעמפט. און אַז דער באַדאַרף אין גוט־געדרוקטע ביכער פאַרן גרויסן פויליש־אידישן קיבוץ איז שוין דעמאָלט געווען אַ גאַר שטאַרקער, דאָס זעען מיר פונ׳ם פאָלגנדיקן פאַקט.

אין יאָר 1680, ווי ס׳דערציילט דער היסטאָריקער פון פוי־לישן אידנטום, פּראָפעסאָר מ. באַלאַבאַן, באַקלאָגן זיך די פרנסים פון „ועד ארבע ארצות׳ (דער אינערלעכער אידישער פּאַרלאַמענט, דער העכסטער אָרגאַן פון דער קולטורעלער אויטאָנאָמיע ביי אידן פון יענער צייט), בעת דער סעסיע אין יאַראָסלאַוו, אויפן שלעכטן און מטושטש׳דיקן דרוק פון די לערן־ביכלאַך, דורך וועלכע די יוגנט פאַרדאַרבט זיך די אויגן. דער „ועד״ באַשליסט דאָן צו מאַכן אַ סוף צו דער זאַך: „אויספלאַסטערן די סטעזשקעס, באַזייטיקן די שטיינער פון וועג, פאַרשטאַרקן דעם עץ־החיים״, ווי מען דריקט אויס אין דער בלימלדיקער מליצה־שפּראַך פון יענער צייט דעם שטרענגען באַפעל צו אַלע אידישע דרוקערייען צו דרוקן גוט און אָן פעלערן. קעגן אָט־דער ירידה פון אידישן דרוק־וועזן האָט טאַקע אַ סך אויפגעטאָן ר׳ אורי פייבוש, און וועגן אים זאָגן די „תקנות הועד״ פון יאָר 1697 אָט וואָס:

„מיר האָבן געזען דעם גרויסן חורבן, צוליב דער ירידה פון דער דרוקעריי־קונסט אין אונזער לאַנד; צוליב די דאָזיקע דרוקער איז

כמעט די תורה פאַרגעסן געוואָרן בישראל, ווייל די אותיות אין זייערע אויסגאַבן האָבן פאַרנאַרישט און בלינד געמאַכט די אויגן פון די ליבע אײנגלאַך, וועלכע זיצן איבער די ספרים, און דעראויף זיינען אויפמערקזאַם געוואָרן די געלערנטע זקנים און אַלופים פון די אַרבע ארצות, אָבער דאָס האָט נישט פיל געהאָלפן, ביז עס איז ניט געקומען אין אונזער גרענעץ ר׳ אורי פייבוש הלוי צו באַלויכטן די ערד און אירע איינוואוינער.״ [3]

אין 18טן י״ה געפינט זיך דאָס אידישע דרוק־וועזן אין פוילן אין אַזאַ טרויעריקן מצב, אַז קיין איינער פון די דרוקער־פאַרלעגער חלום׳ט שוין ניט מכח גראַנדיעזע טיפּאָגראַפישע אונטערנעמונגען, ווי אַ שטייגער אויפסניי אָפּדרוקן דעם גאַנצן תלמוד. אַנטקעגן־זשע טרעפן מיר די אונטערשריפטן פון באַרימטע פוילישע רבנים און פון די פירער פון „ועד ארבע אַרצות״ אויף די אויסלענדישע תלמוד אויסגאַבעס. אַ שטרייט צווישן צוויי באַרימטע אידישע דרוקערס, פרופס פון אַמסטערדאַם און זלמן פרענקעל פון זולצבאַך, דייטשלאַנד, מכח דעם מאָנאָפּאָל אויפן פוילישן ספרים־מאַרק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביטערן סכסוך, וואָס אין אים איז אפילו אַריינגעצויגן געוואָרן דער העכסטער טריבונאַל פון פוילישן אידנטום, דער „ועד ארבע אַרצות״, גופא.

אַ שטויס צו דער אויפלעבונג פון אידישן דרוק־וועזן אין פוילן האָט געגעבן די חסידישע באַוועגונג — אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה. אין פוילן האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַן אָפּצאָל אויף אויסלענדישע ביכער, און דעריבער זיינען די אומשטענדן געווען גאַנץ גינסטיג פאַרן דרוק פון ביכער און ספרים אין לאַנד גופא. אין יאָר 1777 איז אין דער וואָלינער שטעטל קאָרעץ געגרינדעט געוואָרן אַן אידישע דרוקעריי, און אין 1782 האָט אַ קריסטלאַכער אונטערנעמער, יאָהאַן אַנטאָן קריגער, געגרינדעט אַן אידישע דרוקעריי אין דעם שטעטל נאָווידוואָר ביי וואַרשע.

„חסידות, די נייע רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, שרייבט דער היסטאָריקער שאול גינזבורג, די באַוועגונג וואָס האָט אין גיכן געקראָגן אַ גרויסע פאַרשפּרייטונג און אַרויסגערופן אַן גרויסן ווידערשטאַנד פון אירע געגנער, האָט זיך נאַטירלעך גענויטיקט אין געדרוקטן וואָרט ווי אַ מיטל פון פּראָפּאַגאַנדע און פּאָלעמיק. אויסצונוצן דעראויף די מתנגדישע דרוקערייען איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען אוממעגלעך. דעריבער האָבן די חסידים גענומען גרינדן אייגענע דרוקערייען, דערהויפּט אין יענע




קאָפּ־אָרנאַמענט פון אַ מ ד ר ש ־ ר ב ה , געדרוקט אין אַמ־סטערדאַם, 1641 (אַ פערטל פון אָריגינעלער גרויס). (עקז. פון איד טעאָלאָג. סעמינאַר ביבליאָטעק).

דער שער פון „ס פ ר ק ר נ י י ם“ (זשאָלקאָוו, 1708), איז באַשטאַנען פון פונקט דעמזעלבן אָרנאַמענט (ברייטע ראַם), אין וועל־כען ס׳איז אַריינגעדרוקט געוואָרן דער גאַנצער טעקסט פון שער בלאַט. דערפון, דורך דער געדיכטקייט פון טעקסט, האָט שטאַרק גע־ליטען דער קינסטלערישער עפעקט פון גאַנצן שער־בלאַט. דער שער פון „ספר קרניים“ ווערט דאָ אָפּגעדרוקט אויף דער אַנטקעגנדיקער זייט.

דער דאָזיקער ביישפּיל ווייזט קלאָר ווי די דרוקעריי פון ר׳ אורי פייבוש האָט אַריבערגעבראַכט קיין פוילן די האָלענדישע דרוקעריי־מאַטעריאַלן, און ווי געוויסע פאַרפּוצונג־מיטלען פון דרוק־וועזן קע־נען לייכט מיסברויכט ווערן.

געגנטן וואו זייער ווירקונג איז געווען שטאַרק — אין וואָלין, פּאָ־דאָליע, אין קיעווער און מאָהליווער גוב. א. ד. גל. זייערע געגנער, ווידער, האָבן אויך ניט געשוויגן. אַזוי זיינען אין סוף 18טן און אין אָנפאַנג 19טן י״ה אַנטשטאַנען חסידישע דרוקערייען און מתנגדישע דרוקערייען אין גאָר אַ סך שטעט און שטעטלעך״. צווישן די חסידישע דרוקערייען איז די גרעסטע און וויכטיקסטע געווען די סלאַוואוטער, וועלכע ס׳האָט נאָך געגרינדעט אין יאָר 1792 דער באַוואוסטער „צדיק״, ר׳ פּנחס קאָרעצער. זי האָט זיך אויסגעצייכנט דורך איר רייכער טעכנישער איינריכטונג און האָט אפילו פאַרמאָגט אַן אייגענע פּאַפּיר פאַבריק. די ערשטע תלמוד־אויסגאַבע פון אָט־דער דרוקעריי, וועלכע איז דערשינען אין יאָר


ספר קרניים

דן ידין

פ"ה ק"ק
זאלקווא

שער פון ספר קרניים זשאָלקאָוו, תס"ט (1708). (⅔ פון אָריג. גרויס)

1813, האָט שטאַרק אויסגענומען אין דער גאַנצער אידישער וועלט מיר איר פיינעם, זויבערן און פעלערלאָזן דרוק.

אין 19טן י"ה איז שוין ליטע געוואָרן דער גרעסטער און וויכ־טיקסטער צענטער פון דער אידישער ביכער־פּראָדוקציע. דער פּאָטער פון דאָרטיקן אידישן דרוק־וועזן איז געווען דער שריפט־גיסער ר' נחום, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען צו דרוקן ספרים אין דער קעניגלעכער דרוקעריי אין גראָדנע אין יאָר 1788. די באַ־שטעלונגען צו דרוקן ביכער פלעגן קומען פון מחברים פון ספרים און פון בוכהענדלער, מוכרי־ספרים. איינער פון אָט־די בוכהענד־לער איז געווען ר' מאַנע, אָדער ר' מנואל בן ברוך, וועלכער האָט שפּעטער אָנגענומען דעם פאַמיליען־נאָמען ראָם און איז געווען דער שטאַמפּאָטער פון דער באַוואוסטער דרוקער־פירמע אין ווילנע. אַרום די העברעאישע ביכער אין דער קעניגלעך־פּוילישער דרו־קעריי אין גראָדנע האָבן געאַרבעט ר' נחומ'ס משפחה, ווי שריפט־גיסער, און צוויי זעצער, וועלכע מען האָט געבראַכט פון וואָלין, וואו ס'זיינען שוין געווען, ווי מיר וויסן, אידישע דרוקן פון פריער. אין ווילנע האָט מאַנע ראָם אָנגעהויבן צו דרוקן אויף העב־רעאיש אין יאָר 1802. ראובן ראָם, מאַנע'ס זון, האָט אין יאָר 1817 געמאַכט שותפות מיט זימל טיפּאָגראַף, ר' נחומ'ס זון, און זיי האָבן באַדייטנדיק פאַרגרעסערט זייער ביכער־פּראָדוקציע. אין יאָר 1818 האָט ווילנע צוגעקראָגן נאָך אַן אידישע דרוקעריי — בער ניימאַנס. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט גרויסע פּראָיעקטן, ווי למשל, צו גרינדן אַ צייטונג אין אידיש, א. אַז. וו. ער האָט אויך געדרוקט אויף פּויליש (דעם ערשטן ווערק פון באַרימטן דיכטער מיצקעוויטש, א. אַ. וו.). נאָך אייניקע אידישע דרוקערייען זיינען געשאַפן געוואָרן אין ווילנע, און מיט דער צייט איז אָט־די שטאָט, מיט איר גרויסער למדנ'ישער טראַדיציע, געוואָרן די רעזידענץ־שטאָט פון דער גאַנצער אידישער ביכער־וועלט, פון די פיין־גע־דרוקטע ספרים און ביכער פאַר אידן, אויפן שטייגער פון ווענעציע און אַמסטערדאַם אין די פריערדיקע צייטן. ס'ווערט איצט אָנגענו־מען, ווי ס'פאַרזיכערט פּנחס קאָן, דער פלייסיקער פאָרשער פון דער געשיכטע פון ווילנע בכלל, און פון די אידישע דרקערייען דאָרט בפרט, אַז דעם צונאָמען „ירושלים דליטא" האָט ווילנע באַ־קומען פאַר איר וועלט־באַרימטער ספרים־פּראָדוקציע.

אין יאָר 1835 איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער סכסוך צווישען די ווילנער דרוקערס ראָם און טיפּאָגראַף, פון איין זייט, און די



תהלים ספר שני מד

צַוֵּה יְשׁוּעוֹת יַעֲקֹב׃ בְּךָ צָרֵינוּ נְנַגֵּחַ בְּשִׁמְךָ נָבוּס קָמֵינוּ׃ כִּי לֹא בְקַשְׁתִּי אֶבְטָח וְחַרְבִּי לֹא תוֹשִׁיעֵנִי׃ כִּי הוֹשַׁעְתָּנוּ מִצָּרֵינוּ וּמְשַׂנְאֵינוּ הֱבִישׁוֹתָ׃ בֵּאלֹהִים הִלַּלְנוּ כָל הַיּוֹם וְשִׁמְךָ לְעוֹלָם נוֹדֶה סֶלָה׃ אַף זָנַחְתָּ וַתַּכְלִימֵנוּ וְלֹא תֵצֵא בְּצִבְאוֹתֵינוּ׃ תְּשִׁיבֵנוּ אָחוֹר מִנִּי צָר וּמְשַׂנְאֵינוּ שָׁסוּ לָמוֹ׃ תִּתְּנֵנוּ כְּצֹאן מַאֲכָל

ובגוים

בך מיט דיין זאג צרינו אונזר ליידגר ננגח איר וועלן שטוסן
נבוס איר ווערן טרעטן קמינו אונזר פיינד בקשתי מיט מיין
בויגן אבטח בין איך איך פר זיכרן הושעתנו דאז האשט גהאלפן
אונז הבישות האשטו פר שעמט הללנו איר האבן גלובט נודה
איר וועלן לובן סלה אייביג אף זנחת אונ' וועןשון דא אונז האשט
שון פר לאזן ותכלימנו אונ' האשט פר שעמט אונז דענוכט וויל
איך לובן דיין נאמן תשיבנו דא מאכשט אונז ווידר קערן אחור
דז איר הינטר וועלן היכטר צר פר דעם ליידגר ומשנאינו אונ
אונזרי פיינדי שסו האבן גרויבט אונזרי גיטר למו אין זעלבר צו זיך
תתננו דא איבר ענטפערש אונז

זייטל פון תהילים געדרוקט אין זשאָלקאָוו, תפ"ד, (1723)
(אָריגינעלער גרויס)

דער טעקסט־שריפט איז פון האָלענדישער אָפּשטאַמונג; דער פּירוש (אין אידיש) איז געדרוקט אין דעם אַזוי גערופענעם צאינה וראינה כתב, וואָס פלעגט לאַנג באַנוצט ווערן פאַרן דרוק אין אידיש.

(עקז. פון דער ביבליאָטעק פון איד. טעאָלאָגישן סעמינאַר אין אַמעריקע).

סלאַוואוטער דרוקערס, ברידער שאַפּיראָ (אייניקלעך פון ר׳ פּנחס קאָרעצער), פון דער צווייטער זייט, מכח דעם מאָנאָפּאָל אויף אַ נייער תלמוד אויסגאַבע. אין שטרייט זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן די גרעסטע רבנים און גדולים, און ביידע צדדים האָבן געקעמפט צווישן זיך מיט דער גרעסטער עקשנות און פאַרביטערונג. די סלאַוואוטער דרוקעריי האָט אָנגעהויבען צו דרוקן איר נייע תלמוד אויסגאַבע, אָבער האָט געמוזט די אַרבעט איבעררייסן, ווייל מען האָט אויף די צוויי ברידער שאַפּיראָ, ר׳ שמואל־אבא און ר׳ פּנחס, אויסגעטראַכט אַ בלוט־בלבול, און קעגן זיי פאַרפירט אַ קרימינאַל־פּראָצעס. די צאַרישע מאַכט האָט אויסגענוצט אידישע מוסרים און פאַררעטער־משומדים געגן די קרבנות פון בלבול, — אויך די אומ־ענדלעכע העצערייען און מסירות וואָס פלעגן שטאַמען פון די משכילישע קרייזן (ווייל די פרומע שאַפּיראָס האָבן פאַר קיין געלט ניט געוואָלט דרוקן קיין השכלה ביכער). דער סקאַנדאַליעז־אומגערעכטער פּראָצעס האָט זיך פאַרענדיקט מיט זייער אַכזריות׳־דיקע באַשטראָפונגען פאַר די שאַפּיראָס און מיט אַ גזר־דין צו פאַרמאַכן זייער דרוקעריי. נאָך אַ רעזולטאַט פון אָט דער דער־שיטערנדער דראַמע איז געווען אַ דראַקאָנישער דעקרעט פון צאַר ניקאָלאַי דעם 1טן (פון 27טן אָקטאָבער, 1836), מכח פאַרמאַכן אַלע אידישע דרוקערייען אין רוסלאַנד און איבערלאָזן בלויז צוויי — איינע אין ווילנע און איינע אין קיעוו (שפּעטער האָט די רעגי־רונג אויסגעפונען, אַז זשיטאָמיר איז אַ מער פּאַסיקער אָרט). דער אָפיציעלער מאָטיוו פאַר אָט דער גזרה איז געווען אַזאַ: ס׳וועט לייכטער זיין צו האָבן אַ שטרענגע השגחה איבערן אידישן דרוק־וועזן אויב ס׳וועלן בלייבן ניט מער ווי צוויי אידישע דרייקערייען אין גאַנץ רוסלאַנד.

פון אַלע אידישע דרייקערייען אין ווילנע איז ניצול געוואָרן בלויז ראָם־טיפּאָגראַפס ווייל די באַלעבאַטים אירע זיינען פּראָטע־זשירט געוואָרן פון ווילנער גובערנאַטאָר. די זשיטאָמירער דרו־קעריי איז געעפנט געוואָרן ערשט אין יאָר 1847. אין משך פון צען יאָר איז, אַלזאָ, ראָם־טיפּאָגראַפס דרוק־אַנשטאַלט געווען די איין־איינציקע אידישע דרייקעריי אין רוסלאַנד (ניט רעכענענדיק די דרוקערייען אין וואַרשע). ס׳פאַרשטייט זיך, אַז זי איז ניט געווען אימשטאַנד צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער גאַנ־צער אידישער באַפעלקערונג אין ביכער און ספרים. אַ סך העברעאישע ביכער און אפילו זשורנאַלן פלעגן אין יענער צייט

געדרוקט ווערן אין די פּרייסישע שטעט, ניט ווייט פון רוסיש־דייטשן גרענעץ, ווי ליק, אײדקונען א. אַז. וו., און פלעגן פון דאָרט אימפּאָרטירט ווערן קיין ליטע און פּוילן. באַלד האָט די רעגירונג איינגעפירט אַ ספּעציעלן אָפּצאָל אויף די ביכער און ספרים, וואָס קומען פון אויסלאַנד. ערשט אין יאָר 1862 איז בטל געוואָרן די שרעקלעכע גזירה וועגן דעם אומדערהערטן ביכער־מאָנאָפּאָל פון צוויי אידישע דרוקערייען פאַר גאַנץ רוסלאַנד.

אין דעם לעצטן דריטל פון 19טן יאָר זיינען געעפנט געוואָרן אַ סך נייע אידישע דרוקערייען אין פּוילן (וואַרשע, לובלין, פּיאָט־ראָקאָוו א. אַנד.) און רוסלאַנד (אָדעס, פּעטערבורג א. אַז. וו.). אַ ברייטערער פעלד פאַר אידישער דרוקעריי האָט זיך געעפנט אין נייעם מיליאָניקן ישוב פון די רוסישע און פּוילישע אידן אין נאָרד־אַמעריקע. די ערשטע טעגליכע צייטונג אין אידיש „דער פריינד“ (געגרינדעט אין פּעטערבורג אין 1903) האָט איינגעפירט אַ וויכטיקע טעכנישע פאַרפולקאָמונג אין דער אידישער טיפּאָ־גראַפיע. ביז יענער צייט פלעגט מען אין רוסלאַנד זעצן די אידישע אותיות באַזונדער און די נקודות באַזונדער. לויט דער באַשטעלונג פון דער צייטונג „פריינד“, האָט מען אין די אויס־לענדישע שריפט־גיסערייען אָנגעפאַנגען צו מאַכן די אותיות א, ע, י, וו א. אַנד. אינאיינעם מיט די נקודות און דאָס האָט שטאַרק פאַראיינפאַכט און פאַרביליגט די אַרבעט פון זעצן פון אידישע ביכער, זשורנאַלן און צייטונגען. אָט די פראַגע וועט נאָך פון אונז באַרירט ווערן שפּעטער אין פאַרבינדונג מיט דעם אָרט פון אידישן דרוקער־אַרבעטער אין דער אידישער טיפּאָגראַפיע.

## באַמערקונגען

[1] דער ערשטער ספר, געדרוקט אין פּוילן, איז געווען דער „שערי דורא“, אַ ווערק מכח הלכות איסר והיתר. אין זעלבן יאָר, 1534, האָט די דרוקעריי פון די ברידער העליץ אָפּגעדרוקט רבי אַנשיל'ס „מרכבת המשנה“, אַ העברע־איש־אידישער ווערטערבוך און ביבל־קאָנקאָרדאַנץ (ד. ה. ביי יעדן וואָרט איז אָנגעגעבן דער פּסוק וואו ער שטייט). דאָס איז דאָס ערשטע געדרוקטע ווערק אין אידיש אין פּוילן. אויך פון אַנדערע לענדער האָבן זיך ניט אויפגעהיט קיין עלטערע דרוק־ווערק אין אידיש. די „מרכבת המשנה“ געהערט צו די זעלטנ־סטע אידישע ביכער: ס'זיינען דאָ בלויז אַ פּאָר געציילטע עקזעמפּלאַרן, איינער פון זיי אין דער ביבליאָטעק פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו יאָרק.

אין דייטשלאַנד, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט מען אין דער פאָלקס־
שפראַך, אין „אידיש־דייטש", געדרוקט דערהויפט פאָלקס־מעשיות, און אַנדערע
סאָרטן אונטערהאַלטונג ליטעראַטור. אַנדערש איז אָבער געווען די לאַגע אין
פוילן, וואו דער אידישער ישוב איז געווען פרימער און קאָנסערוואַטיווער.
דעריבער זיינען אויך דרוק־ווערק אין אידיש פון די ערשטע צוויי הונדערט יאָר
פון אידישן דרוק־וועזן אין פוילן מערסטנס פרומע ווערק, מוסר ספרים, טייטש־
חומשים א. ד. גל. בכלל איז די פאַרשפרייטונג פון בוך־דרוק אין דייטשלאַנד
און פוילן אויסגעפאַלן אין אַ צייט, ווען ס'האָט אויפגעבליט אין יענע לענדער
דאָס לערנען פון גמרא און די אויסטייטשונג פון שווערע הלכות, די צואַמענ־
שטעלונג פון געעץ־ביכער מיט דינים, שאלות־ותשובות א. אַז. וו. דאָס האָט
אַרויפגעלעגט אַן אָפשטעמפלונג אויף דער גאַנצער ליטעראַטור ביי אידן אין
16טן און 17טן י"ה. אין זיין פאָרוואָרט צו דער „מרכבת המשנה", זאָגט דער
מחבר, אַז „איצט, ד. ה. נאָכן איינפירן די בוך־דרוקעריי, איז געוואָרן אַ גע־
וויינלעכע זאַך „אין טאָג צו ברענגען" דאָס וואָס איז געווען פאַרבאָרגן א. אַז. וו."

[2] געוויס געהערט אויך די פיינע בוכבינדעריי צום געביט פון דער בוך־אויס־
אַרבעטונג קונסט, און בעת די אידן האָבן געלעבט, ווי מיר האָבן געזען, אַזאַ
גרויסן ווערט אויף דער פאַרצירונג און פאַרפיינערונג פון ביכער און ספרים,
האָבן זיכער אויך ניט געפעלט צווישן אידן קיין מייסטער פון פיינער און
פרעכטיקער בוך־בינדער אַרבעט. דער באַשרענקטער פלאַץ דערלאָזט אונז אָבער
ניט דאָ די טעמע לענגער צו באַהאַנדלען. מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף
עטלעכע געדרוקטע אַרבעטן (איינע פון זיי דר. מ. י. הוזינגס — מיט פרעכ־
טיקע בילדער), וואָס קענען פאַראינטערעסירן די וואָס ווילן פאָרשן די געשיכטע
פון איינבינדעריי ביי אידן: ש. אסף: על כתבת ספרים, אין סיני, חוב. ה־ו,
ירושלים, תרצ"ח. ש. אסף: עם הספר והספר, אין רשומות, כרך, א', עמ.
.316־292
Dr. M. Grunwald: *Juden als Buchbinder,* "Mitteilungen der Soncino-Gesellschaft", Berlin, No. 6, 1930. Dr. M. J. Husung: *Ueber den sogennaten juedischen Lederschnitt,* "Soncino-Blaetter", Berlin, Bd. 1, 1925-1926, pp. 29-43.

[3] אויף אַ זיצונג פון „ועד ארבע אַרצות" אין יאָר 1697 האָט מען זיך באַ־
ראַטן וועגן דער זשאָלקאָווער דרוקעריי, וואָס אירע צוויי עלטערע שוועסטערס
האָבן געזוכט זי פאַר יעדן פרייז אומצובריינגען. צו אָט דעם צוועק האָבן זיי,
די דרוקערס פון לובלין און קראָקע, געבראַכט פון אויסלאַנד פרעמדע סחורה
און זי פאַרקויפט אין זייערע דרוקערייען, און דאַדורך קאָנקורירט מיט די
אויסגאַבעס פון ר' אורי פייבוש. דער „ועד" איז געשטאַנען אויף דער זייט פון
ר' אורי, און האָט באַשלאָסן, אַז יעדער פון אָט די דריי דרוקערייען אין לאַנד
(קראָקע, לובלין, זשאָלקאָוו) איז ערלויבט אין משך פון אַ יאָר צו דריקן נאָר
צו 700 בויגן, און חוץ דעם נאָך קליינע דרוק־זאַכן, און נאָר ביי זיך אָבער ניט
אין אויסלאַנד. אויף יעדער דרוקעריי איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָנטראָלער.
אָבער אָט דער באַשלוס האָט ניט פיל געהאָלפן. אין יאָר 1699 באַשעפטיקט
זיך דער „ועד ד' אַרצות" ווידער מיט דער זשאָלקאָווער דרוקעריי און פאַרבאָט
די בוך־הענדלער און דרוקער צו ברענגען פון אויסלאַנד אָדער איבערדרוקן אין
לאַנד די ספרים, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך ר' אורי פייבוש.




פון אַ ספר, געדרוקט אין לובלין, 1610

# IV

# די מאָדערנע ווידערגעבורט פון אידישן בוך־דרוק

פון אונזער קורצן איבערבליק אויף דער געשיכטע
פון אידישן דרוק־וועזן, זעט מען, אַז נאָך אַ גלאַנץ־
פּעריאָד פון אַרום הונדערט יאָר צייט, איז די
בוך־אויסאַרבעטונג ביי אידן, ווי אויך אין דער
אַרומיקער וועלט, אַריינגעטראָטן אין אַ לאַנגער
עפּאָכע פון ירידה. די אַמאָליקע הויכע בוך־דרוק
קונסט איז ביסלעכווייז אַראָפּגעפאַלן צו דער
שטופע פון אַ ביליקער וואָכעדיקער בוך־פּראָדוקציע. אַ זייער
שווערן קלאַפּ האָט די בוך־אויסאַרבעטונג באַקומען שוין דורך
דעם אַליין, וואָס מען האָט כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט צו
באַנוצן האַנט־געמאַכטע פּאַפּיר. מען האָט אָנגעפאַנגען צו באַ־
נוצן פאַר דער ביליקער דרוק־מלאכה פּאַפּיר פון געמאַלטע האָלץ,
וואָס איז שטאַרק גלאַזירט, האָט קיין קראַפט ניט און ווערט
צעפאַלן אין שטויב במשך פון עטלעכע יאָר. פּאַפּיר וואָס מען
מאַכט מיט דער האַנט פון שמאַטעס און וואָס האָט אין זיך פעדים,

דאַרף מען לאַנג פּייכטן, דאָס איז אַ פּראָצעס וואָס דויערט לאַנג און קאָסט טייער. ווידער, איז אַריין אין דער מאָדע, צוליב קאָמערציעלע מאָטיוון, צו מאַכן פאַרקירצונגען און אַנדערע מיס־ברויכונגען אין די דרוק-אותיות (אונטער דעם איינפלוס פון דער קאָנקורענץ פון די ביליקע מאַנוסקריפּטן), ד. ה. מען פלעגט פאַר־קריפּלען די אותיות, כדי איינצושפּאָרן פּלאַץ. אַ סך בוכשטאַבן פון דרוק־שריפט זיינען אינגאַנצן איבערגעאַנדערשט געוואָרן, מ'האָט אַרויסגעלאָזן גאַנצע אברים פון זיי. ממילא איז דער זאַץ שוין ניט געווען אינגאַנצן קלאָר און לעזבאַר, און די דרוקעריי־קונסט איז געוואַלדיק געפאַלן. אויך די אַרבעט פון די אידישע דרייקערייען, צעשפּרייט איבער אַ סך צענדליקער שטעט פון אייראָפּע, איז שטאַרק געפאַלן.

ערשט מיט אַ יאָר פופציק צוריק האָט דער ענגלישער דיכטער און סאָציאַליסטישער דענקער וויליאַם מאָריס, דער באַגייסטערטער אָנהענגער פון קונסט־האַנטווערק, געעפנט מיט זיין דרוקעריי און בוך־פאַרלאַג (קעלמסקאָט פּרעס) אַ נייעם קאַפּיטל אין דער גע־שיטע פון בוך־דרוק. נאָך אים האָבן אַנדערע ענגלישע קינסטלער, ווי טשאַרלס ריקעטס, ס. ה. סט. דזש. האָרנבי און אַנד., זיך פאַרנומען מיט'ן צוגרייטן נייע גוטע דרוקער־שריפטן, וועלכע זיינען באַלד געוואָרן זייער פאַרשפּרייט. די דאָזיקע קינסטלער שריפט־צייכענער זיינען געגאַנגען דירעקט צו דער שיינער שריפט פון די אַלטע מאַנוסקריפּטן. פון די פאַרשידענע פּעריאָדן האָבן זיי אויסגעקליבן די פאַסיקסטע פאָרן מאָדערנעם דרוק־זאַץ, אַרויס־לאָזענדיק די מאַניערן און דריידלעך פון איינצעלנע מאַנוסקריפּטן־שרייבער און מאַכנדיק אַ מין סינטעז פון די בעסטע שריפט־פאָרמען אין אַ געוויסן פּעריאָד.

די שאַפער פון דעם נייעם דרוק-וועזן אין סוף פון 19טן יאָר־הונדערט האָבן זיך געמיט צו קריגן אַ גוטן פּאַפּיר, און מיט דער הילף פון שיינעם זאַץ זייערן האָבן זיי געגומען אַרויסלאָזן פּראַכט־פולע, רייך־אילוסטרירטע ווערק. פון טיפּאָגראַפישן שטאַנד־פונקט קען מען זיי פאַרגלייכן מיט די בעסטע שאַפונגען פון דער קלאַסישער דרוקעריי־קונסט אין 15טן יאָרהונדערט.

האָבנדיק גוטע מאַטעריאַלן, ווי פּאַפּיר און זאַץ, האָבן דאָן די גרויסע בוך־קינסטלער, ווי מאָריס און אַנדערע, זיך אָפּגעגעבן אַ סך מיט דער באַצירונג פון די געדרוקטע ביכער. באַוואוסט־זיניק האָבן זיי זיך צוריק־געהאַלטן פון אַן איבערטריבענעם פּוץ

און גלאַנץ פון די ביכער, וואו מען האָט געזוכט צו פאַרדעקן די אָרימקייט פון דער טיפּאָגראַפישער זייט פון בוך דורך אַן איבער־פלוס פון וואולגאַרער, שרייאיקער אָרנאַמענטאַציע. די עכטע בוך־קינסטלער, ווי מאָריס, ריקעטס, שאַנאָן א. אַנד., זיינען געגאַנגען אויף אַ וועג פון איינגעהאַלטענקייט, באַלאַנסירטן מין דעקאָראַ־ציעס און האָבן געשטרעבט צו דעם, אַז די דעקאָראַציעס אויפן געדרוקטען זייטן זאָלן שטימען, זאָלן האַרמאָנירן און „זיך קלעפּן" מיט דער געדרוקטער זייטל ווי אַ גאַנצע, אָרגאַניש־איינהייטלעכע זאַך. דעם גרעסטן געברויך האָבן יענע בוך־קינסטלער (און אַלע זייערע נאָכפאָלגער ביז היינט) געמאַכט פון האָלץ־גראַווירונגען (האָלצשניט) פאַר אָרנאַמענט־צוועקן אין בוך־דרוק. אַזאַ האָלץ־גראַווירונג איז, קען מען זאָגן, אַ ליניען־צייכנונג, אויסגעבעסערט און פאַרפיינערט דורך דעם ווערקצייג פון גראַווירער־קינסטלער, פונקט ווי דער געדרוקטער בוכשטאַב איז דער געשריבענער אות, אויסגעבעסערט דורך דעם ווערקצייג פון שריפט־שניצער.

אָט די ענלעכקייט פון די טעכנישע פּראָצעסן — צו שניידן קינסטלערישע פיינע נייע שריפטן און צו מאַכן האָלץ־גראַווירונגען — שאַפט אַ זעלטן שיינע קינסטלערישע האַרמאָניע, אַ פּרעכטיקן טיפּאָגראַפישן עפעקט. דער ערשטער כלל פון וויליאַם מאָריס און זיין שולע איז, על כן, געווען אַזאַ: דער אָרנאַמענט טאָר ניט זיין קיין זייטיקער, אָנגעהאַנגענער פּוץ, נאָר דאַרף זיין אַן אָרגאַנישער, ניט אָפּצוטייסבאַרער טייל פון דעם געדרוקטן בלאַט אין בוך. [1]

אַ צווייטער וויכטיקער בוך־קונסט איינפיר פון וויליאַם מאָריס, וועלכער איז אויך אַריין אין אַלגעמיינעם קאָדעקס פון כללים פאַר דעם דרוקער פון פיינע ביכער, איז דער כלל, אַזביידע זייטן פון אַן אָפענעם בוך דאַרפן זיין פאַרבונדן צווישן זיך ווי צוויי טיילן פון אַ גאַנצקייט. דאָס גיט צו אַ חן און עלעגאַנץ דעם בוך, און דערגרייכן קען מען די זאַך גאַנץ לייכט: די ראַנדן פון רעכטס און לינקס אויף יעדער איינציקער זייטל דאַרפן זיין ניט גלייך ברייט. די ראַנדן וואָס געפינען זיך ביים „רוקענביין" פון בוך, ד. ה. וואָס קומען אויס צווישן די צוויי זייטלעך פון אַן אָפענעם בוך דאַרפן זיין שמעלער ווי די ראַנדן (מאַרדזשינס) ביי די אָפענע זייטן. אָט דאָס אַליין שאַפט שוין אַן איינדרוק פון גאַנצקייט אינ'ם אויסזען פון ביידע געדרוקטע זייטן, פון וועלכע ס'באַשטייט די געשטאַלט פון יעדן אָפענעם בוך.

מיטן פּראַכטפולן אויפטו פון אַ וויליאַם מאָריס איז אין דער

מאָדערנער וועלט געבאָרן געוואָרן די שטרעבונג צו דערהויבן די בוך־אויסאַרבעטונג צו איר אַמאָליקער פּראַכט און חשיבות. דער ווידער־אויפבלי פון דער טיפּאָגראַפישער קונסט האָט מיט דער צייט אַרומגעכאַפּט אַלע קולטור־פעלקער און וואַקסט אַלץ ברייטער פון יאָר צו יאָר. אויך ביי אונז אין אַמעריקע, וואו די בוך־אויסגעאַרבע־טונג איז נאָך מיט 25־30 יאָר צוריק געשטאַנען אויף אַ נידעריקער קינסטלערישער שטופע, איז אין די לעצטע יאָרן דאָך פאָרגעקומען אַ מערקווירדיק שנעלער און גרויסער פּאָרטשריט. היינט־צו־טאָג קענען די בעסערע פון די אַמעריקאַנער דרוק־ווערק שוין זיך ניט פאַרשעמען פאַר די פיינערע טיפּאָגראַפישע שאַפונגען אין די עלטסטע אייראָפּעאישע לענדער.

איבעראַל שטרעבט איצט דער פּראָגרעסיווער דרוק־מייסטער און קינסטלער צו מאַכן פון בוך ניט בלויז אַ געברויך־אַרטיקל, וואָס איז גוט און ביליק, נאָר אויך אַ זאַך, וועלכע איז בכוח צו באַפרידיקן דעם מענטשנס מיטגעבאָרענע שטרעבונג צו אַן עסטעטישער הנאה, אַ געפיל פון אַכטונג און ליבע צו אַ זאַך, וועלכע האָט אַ געוויסן חן און אַן איידלקייט אין איר אויסאַרבעטונג. דורך דער אינעווייניק־סטער האַרמאָניע, דורך דער אויסערלעך־קענטיקער עלעגאַנץ, באַ־שאַפט אַ שיין אויסגעאַרבעט בוך, ווי יעדער פיינער פּראָדוקט פון דער מענשלעכער שאַפונג, אַ הנאה פאַר יעדן וואָס זעט אָדער האַלט אַזאַ בוך. דערין טאַקע באַשטייט דער כוח פון יעדער עכטער קונסט — צו פאַראיידלען און דערהויבן דאָס מענשלעך האַרץ. און דערי־בער וואַקסט אומעטום די איבערצייגונג, אַז אַ גוט בוך דאַרף ניט בלויז שפּייזן דעם מוח, נאָר דאַרף און קען אויך דערפרייען דאָס אויג און די האַרץ, און אַפילו די האַנט, פון דעם וואָס האַלט אַזאַ בוך.

דער פיינער אויסזען פון אַ בוך, זיין גוטער טיפּאָגראַפישער עפעקט, פאַרשטאַרקן די ווירקונג פון זיין אינהאַלט. אין דעם, למשל, די ווירקונג פון אַ געדיכט, וואָס מען לייענט מיט אַ שיין־קלינגנדיקער שטימע ניט לחלוטין אַנדערש פון דעם איינדרוק וועלכן מען קריגט ווען דער דעקלאַמאַטאָר לייענט מיט אַ שוואַכן אָדער קרעכצענדיקן קול? דאָס אויג איז דאָך ניט ווייניקער עמפּפינלעך פון דעם אויער. דער אויסזען פון בוך, דער פּנים פון דער געדרוקטער זייטל, ווירקט אויף אונז אויפן זעלבן שטייגער ווי ס'ווירקט דער פּנים, די אויגן, פון אַ רעדנער וועלכער וויל איבער־געבן דעם עולם זיינע געפילן, געדאַנקען און בילדער. חוץ דער

שטים ווירקט דאָך אויך אויפן צוהערער די פיזיאָגנאָמיע פון רעדנער; און חוץ דעם אינהאַלט פון טעקסט, ווירקט אויך די פאָרם, די פאַרקערפּערונג פון אינהאַלט אין דער געגעבענער בוך־פאָרם. „די גאַנצע אויפגאַבע פון טיפּאָגראַפיע, האָט אַמאָל געשריבן וויליאַם מאָריס, איז איבערצוגעבן דער פאַנטאַזיע פון לעזער, ניט פאַרלירנדיק עפּעס אין וועג, דעם געדאַנק און בילד, וועלכן דער אויטאָר האָט געוואָלט אויסדריקן".

אַ פיין געדרוקט בוך איז בשום אופן ניט קיין לוקסוס־זאַך. אַזאַ בוך איז אַ גייסטיקע שאַפונג, אַ קולטור־דערגרייכונג, ווייל דאָס איז אַן אויסדרוק פון לעבנס־פרייד און לעבנס־ווילן פון אַ גייסטיק־פרישן, שאַפנדיקן פאָלק. אַזאַ בוך איז אָבער אויך ניט קיין צופעליק זיך איינגעגעבן ווערק פון אַ בוך־דרוקער און איינבינדער. ער איז אַ רייפער פּראָדוקט פון אַן אידעע און פּלאַן מכוח די אַלע טעכנישע טיילן פון וועלכע אַ בוך באַשטייט, ווי למשל, די דרוק־שריפטן, זאַץ־בילד (צאָל שורות און די פּוסטע פּלעצער צווישן די שורות), גרויס פון ראַנדן, פאַרצירונגען, פּאַפּיר אַן איינבאַנד. אַ פיין־אויס־געאַרבעט בוך דאַרף זיין אַ גאַנצע און אָרגאַנישע, כמעט לעבעדיקע זאַך, וואָס די פיינקייט און עלעגאַנץ נעמט דורך אָט די זאַך פון אָנהויב ביזן סוף, פון אויבן ביז אַראָפּ. מען דאַרף זיך היטן און זען, אַז אַ פיין בוך זאָל ניט זיין „צו־שיין", פּונקט ווי עס איז „שיין" די דירה פון רייכע עמי־הארצים, וועלכע איז אויסדעקאָרירט אַן געשמאַק דורך טאַפּעצירער און פאַרקויפער פון אויל־בילדער אין גאָלדענע ראַמען. אַ פיין־בוך, שוין ניט צו ריידן פון אַ פּראַכט־בוך, דאַרף זיין אויסגעאַרבעט מיט אַ פּלאַן און געשמאַק, ד. ה. האַרמאָניש און אַרטיסטיש, ווי יעדער מין ווערק וואָס גייט אַרויס פון דער האַנט פון אַ קינסטלער.

מעגן אַפילו די מאָדערנע פיין־געדרוקטע ביכער זיין די פּראָ־דוקטן פון דער הויך־אַנטוויקלטער טעכניק, פון זעץ־מאַשינען און צילינדער־פּרעסן, בלייבן זיי אָבער דאָך שטענדיק האַרמאָנישע, קינסטלעריש־אויסגעהאַלטענע זאַכן, ווי דאָס זיינען אויף זייער שטייגער פריער געווען די פיינע האַנט־געדרוקטע ביכער פון די אַמאָליקע צייטן. דער פיינער געשמאַק אין דער מאָדערנער בוך־אויסאַרבעטונג טעכניק קומט אָבער ניט פון זיך אַליין. עס איז שוין דאָ אַ ספּעציעלער פאַכמאַן, אַ מייסטער פון דער בוך־קונסט, דער אַזוי גערופענער „טיפּאָגראַף" (אויף ענגליש: טאַיפּאָגראַפער). זיין אויפגאַבע איז צו זיין דער אַרכיטעקט און אויסשטאַטער, דער

„אינזשינער" און „דיזאַינער" פון בוך. טאָן טוט ער זיין אַרבעט ניט לויט די קאַפּריזן פון דרוקער אָדער פאַרלעגער, ווייל ער מוז שטענדיק בלייבן אין אַ האַרמאָניע מיטן אינהאַלט פון בוך, מוז צופּאַסן צו אַט דעם אינהאַלט די אויסערלעכע פאָרם פון בוך, דעם פאָרמאַט, שריפט, איינבאַנד א. אַז. וו. דעם טיפּאָגראַפס ציל איז אַ טאָפּעלער: ערשטנס, זען אַז דער אויסערלעכער כאַראַקטער פון בוך זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט זיין אינהאַלט. למשל אַ „לייכטער" בוך זאָל ניט זיין געדרוקט אין אַן ערנסטן, שווערן פאָרמאַט און וויניג־באַקאַנטן סאָרט שריפט; צווייטנס, צו דערהויבן די גע־שטאַלט פון בוך צו אַזאַ שטופע, אַז שוין די אויסערלעכקייט גופא פון אַ ווערק זאָל אַנאָנסירן זיין אינהאַלט. דאָס הייסט, אַז די טיפּאָ־גראַפישע זייט פון אַ בוך זאָל געווינען פריינד און זיי צוציען צום בוך.

און גראָד די נייע טעכנישע מיטלען, באַזונדערס די זעץ־מאַשין, האָבן גוואַלדיק פאַרברייטערט דעם אַרבעט־פעלד פון פאַכמאַן־דרוקער, ווייל ערשט אַ דאַנק אַזעלכע נייע טיפּאָגראַפישע מעטאָדן איז די בוך־אויסאַרבעטונג אַזוי פאַרביליקט געוואָרן, אַז אַפילו די פיין־געדרוקטע ביכער זיינען צוגענגלעך געוואָרן פאַר די מאַסן. פריער איז יעדער פראַכט־דרוק, און אַפילו יעדע פיינע דרוק־אַרבעט, געווען אַ טייערער לוקסוס־אַרטיקל, וואָס נאָר געציילטע האָבן געקענט זיך ערלויבן אַזאַ זאַך צו קויפן. די איבערקערעניש איז געקומען פון די נייע מעטאָדן צו מאַכן די קאָמפּאָזיציע־אַרבעט פאַרן דרוק, וואָס מיר וועלן דאָ קורץ באַשרייבן.

צו זעצן לאַנגע מאַנוסקריפּטן מיט דער האַנט איז, זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אַ זייער לאַנגזאַמער און שווערער פּראָצעס. צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער דרוק־אינדוסטריע האָבן טאַקע ניט געפעלט קיין פּראָבעס צו ערפינדן אַ נייעם מיטל ווי אַזוי צו מאַכן די זאַץ־אַרבעט אויף אַ מעכאַנישן אופן, ד. ה. שנעל און ביליק. נאָך אַ סך אומגעראָטענע פאַרזוכן איז עס ענדלעך דעם ערפינדער, אָטמאַר מערגענטאַלער, פאַרט געלונגען צו שאַפן אַ מאַשין, וועלכע אַרבעט מיט דער הילף פון אַ „קי־באָארד" (ווי אין אַ שרייב־מאַשין), און שטעלט צוזאַמען ניט די דרוק־שריפט (טאַיפּ) גופא, נאָר די מאַטריצן פון די אותיות. און ווען אַ גאַנצע שורה איז ווי געהעריג צוזאַמענגעשטעלט (און „געספּעיסט") פון די מאַטריצן, איז ווערט זי שוין פון דערזעלבער מאַשין אָפּגעגאָסן אין איין שטיק, וואָס הייסט „סלאָג", פון טאַיפּ־מעטאַל.

אַט די מאַשין, וועלכע מען האָט זייער ריכטיק אָנגערופן „לאַינאָ־טאַיפּ", האָט מען אָנגעפאַנגען צו באַנוצן נאָך אין יאָר 1886. זי האָט ממש רעוואָלוציאָניזירט די גאַנצע דרוק־אינדוסטריע. גענוג איז צו זאָגן, אַז די מאָדערנע, ריזיק־גרויסע טאָג־צייטונגען זיינען ערשט אַ דאַנק דער „לאַינאָטאַיפּ" מעגלעך געוואָרן. און ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט פילע אַנדערע ערפינדונגען און מאַשינען, האָט מען אין אָנפאַנג שטאַרק מורא געהאַט, אַז די נייע מאַשין וועט צונעמען די פּרנסה ביי טויזענטער זעצערס. אָבער, ווידער, ווי אין אַנדערע טעכנישע אַנטוויקלונגען, איז גאָר געשען דער היפך: די דרוק־אינדוסטריע איז אַזוי שנעל אויסגעוואַקסן, טאַקע צוליב דער נייער דערפינדונג גופא, אַז פיל מער אַרבעטער ווי פריער האָבן אין איר געפונען אַ באַשעפטיקונג.

די נעקסטע פּראַקטישע מאַשין צו זעצן דרוק־שריפטן איז געווען דער „מאָנאָטאַיפּ", די ערפינדונג פון טאָלבערט לאַנגסטאָן, וועלכער איז אַרויס אויפן מאַרק קורץ נאָכ'ן „לאַינאָטאַיפּ". די מאָנאָטאַיפּ־מאַשין באַשטייט פון צוויי באַזונדערע טיילן. מיט דעם „קי־באָארד", וועלכער דערמאָנט מיט זיך אַ גרויסען „טאַיפּ־רייטער" (שרייב־מאַשין), מאַכט דער אַרבעטער, מיט דער הילף פון אַ לופט־דרוק איינריכטונג, אַ רייע לעכלעך (לויט'ן סדר פון די אותיות אין זאַץ) אין אַ פּאַפּירענעם בענדל. דער צווייטער וויכטיקער טייל פון דער מאָנאָטאַיפּ־מאַשין איז דער גיס־אַפּאַראַט, וועלכער ווערט אויך אָנגע־טריבן דורך אויפגעפּרעסטע לופט, וועלכע ווערט דורכגעבלאָזן צווישן די אויסגעלעכערטע פלעצער פון פּאַפּיר־בענדל, כדי די געהעריקע אותיות זאָלן אָפּגעגאָסן ווערן פון דעם מעטאַל. אַ זייער קאָמפּליצירטער אַפּאַראַט גיסט אָפּ די אותיות איינציקווייז און זיי ווערן פּרעציז און רעגלמעסיק צונויפגעשטעלט אין אַ שורה, ווי די שורות פון אַ לאַינאָטאַיפּ־מאַשין.

אַ דריטע וויכטיקע מאַשין צו פאַרשנעלערן און פאַרביליקן די זעץ־אַרבעט איז די ערשט ניט לאַנג צוריק איינגעפירטע „לאָדלאָו" מאַשין. פאַר אָט דער מאַשין ווערן די מאַטריצן געזעצט און „געספּעיסט" מיט דער האַנט אין אַ ספּעציעלען „ווינקל־האָקן" (העקעלע, אָדער סטיק), און די שורה ווערט אָפּגעגאָסן אין דער פאָרם פון אַ שטיק שורה (סלאַג) דורך אַן איינפאַכן מעטאָד. די „לאָדלאָו" איז לכתחילה געמאַכט געוואָרן צו זעצן די „דזשאָב" און אַדווערטייזמענט קאָמפּאָזיציע, ווייל איינע פון אירע הויפּט־מעלות איז די לייכטקייט מיט וועלכער ס'לאָזן זיך בייטן אין איר די סאָרטן

און „סאַיזעס" פון שריפט. שנעל האָט זיך אָבער אַריסגעשטעלט, אַז דיזעלבע מאַשין לאָזט זיך באַנוצן אויך פאַר צייטונגס־ און בוך־אַרבעט. גרויסע קעפּ פון צייטונג־זייטן, שער־בלעטער פון ביכער, איניציאַלן און קאַפּיטל־קעפּלעך ווערן איצט גוט און פיין געזעצט מיט אָט דער מאַשין.

אָט די דריי מעכאַנישע מעטאָדן פון זעץ־אַרבעט, קאָמפּאָזיציע, האָבן געשאַפן אַ גוואַלדיקן פאַרטייל, אַ זעלטענע נייע נוצלעכקייט, פאַרן דרוקער — אַן אומבאַשרענקטן זאַפּאַס פון שריפטן, ווייל ער אָפּערירט כסדר מיט די מאַטריצן און ניט מיטן צוגעגרייטן דרוק־שריפט גופא. היינט צו טאָג האָט דער מאַשין־זאַץ דערגרייכט אַזעלכע הויכע סטאַנדאַרדס פון טעכנישער פולקאָמקייט, אַז אַפילו די פיינסטע ביכער ווערן על־פי־רוב געזעצט איצט מעכאַניש. דאָס בוך וואָס ווערט געזעצט אינגאַנצן מיט דער האַנט פון פאַרטיקע בלייענע שריפט איז איצט, וועניגסטנס אין די ציוויליזירטע לענ־דער, דער אויסנאַם־פאַל און שוין מער ניט דער כלל, ווי דאָס איז געווען ביז מיט אַ יאָר פופציק צוריק.

אויך נייע פאַרמען פון בילדער־דרוק דערהויפּט פון ליטאָגראַפיע, און דער שנעל־אויסגעוואַקסענער „אָפסעט דרוק", האָבן פון איין זייט מעגלעך געמאַכט אַ ביליק־פאָטאָגראַפיש איבערדרוק פון די פריערדיקע דרוק־ווערק און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי שטאַרק אויפגעהויבן אין אונזער צייט די סטאַנדאַרדס פון קוואַליטי אין דער בוך־אילוסטרירונג, וועלכע איז אַזאַ גרויסער טייל פון דער בוך־אויסאַרבעטונג קונסט און מלאכה. געוויס העלפן די בילדער אין טעקסט צו באַלעבן אַ בוך און גיבן אַ מעגלעכקייט בעסער איבער־צוגעבן דעם לייענער די געדאַנקען און די פאַנטאַזיע פון פאַר־פאַסער. אָבער דער מאָדערנער טיפּאָגראַף האָט אַ סך אַנדערע מיטלען צו פאַרשענערן און פאַראיידעלן דעם בוך. זיינע מיטלען זיינען, ווי שוין געזאָגט, — דער פאָרמאַט, די שריפטן־אויסוואַל, זאַץ־בילד, טיפּאָגראַפישע אָרנאַמענטן, דער שער־בלאַט און די אַנדערע „איינפירונג־בלעטלעך" פון בוך, א. אַז. וו. אומעטום פאַר־שטייען די לייענער צו שעצן אַ בוך וואָס גיט צוזאַמען מיט דער גייסטיקער שפּייז, אויך אַן עסטעטישע הנאה און דערהויבונג. בדרך משל קען מען זאָגן אָט וואָס. מענטשן ציען זייער חיות פון פשוט'ע, וואָכעדיקע מאַלצייטן, באַנקעטן זיינען ניט פאַרן טעגלעכן געברויך. אָבער, וואָס איז שייך אַפילו צום עסן, איז הויבט אונז אויף דער געדעקטער באַנקעט־טיש אין אַן אַנדערע, העכערע וועלט. דאָס

נעמלעכע איז אויך ריכטיק בנוגע דער גייסטיקער שפּייז, די גע־
דרוקטע ביכער: אַ פּראַכט־ווערק, אַ פיין־געדרוקטן בוך, וועט מען
וועלן קויפן כדי אים צו באַוואונדערן, פון זיין קונסט־איסאַרבעטונג
הנאה צו האָבן, און ניט נאָר צו געניסן פון זיין אינהאַלט סתם. [2]

אויך ביי אונז אידן לאָזן זיך שוין צום גליק באַמערקן סימנים
פון אַן אויפלעבונג אין דער בוך־אויסאַרבעטונג וועלט. ביי אונז
אידן, דעם „עם הספר" פון טויזנטער יאָר, ווערן ווידער געבאָרן
פּרעכטיקע טיפּאָגראַפישע שאַפונגען אין אַלטן גייסט אָבער אין אַ
נייער פאָרם. געוויס, אונזערע אידישע בוך־קינסטלער האָבן ניט
געהאַט יענע געזעלשאַפטלעכע דערמוטיקונג און הילף וואָס זייערע
פאַך־קאָלעגן ביי אַנדערע פעלקער באַקומען. די שווערע פּאָליטי־
שע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבן, זיינען
דערין שולדיק. אומצייליקע אידישע קינסטלער האָבן דאָס בעסטע
וואָס זיי האָבן אין זיך געמוזט ווידמען דער בוך־פּראָדוקציע אין
פרעמדע שפּראַכן. אידן־גראַווירער האָבן געשניטן עסטעטיש־פיינע,
ניט־אידישע אותיות; אידן־קינסטלער האָבן אין אַלע עקן וועלט
געשאַפן אילוסטראַציעס פאַר ביכער, און אידן־גראַפיקער האָבן
פאַרצירט און פאַראיידלט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו דער פיל־
זייטיקער קולטור פון בוך. אָט האָט למשל, פאַר דער מלחמה גע־
אַרבעט אין לאָנדאָן די Eragny Press, געגרינדעט און געפירט
פון פראַנצויזיש־אידישען קינסטלער לוסיען פּיסאַראָ (געב. 1863)
און זיין פרוי, אסתר. דאָס איז דער זון פון באַרימטען פראַנצויזישן
מאָלער קאַמיל פּיסאַראָ, (1831-1903), איינער פון די גרעסטע
מייסטער פון דער אַזוי גערופענער אימפּרעסיאָניסטישער שולע און
דער מאָדערנער מאָלעריי. די דרוק־ווערק פון אָט דער פרעס האָבן
זיך אויסגעצייכנט דורך זייערע פּרעכטיקע קאָלירטע האָלץ־שניט
בילדער.

אין דעם לעצטן דור האָבן שוין אָבער אַ סך אידישע קינסטלער
געשאַפן דירעקט פאַרן אידישן בוך, פאַרן דרוק מיט אידישע
אותיות. מיר האָבן אַזעלכע קינסטלער אין אייראָפּע, אין ארץ
ישראל, און דאָ אין אַמעריקע. מיר וועלן דערמאָנען עטלעכע פון
זיי, וויביישפּילן פון מאָדערנע אידישע מייסטער אויפן אַלט־נייעם
קונסט־געביט ביי אידן — די גראַפישע קונסט.

דעם באָדן פאַר זיי האָבן צוגעגרייט אַ רייע אידישע קינסטלער
און בוך־אילוסטראַטאָרס פון פאַר־דער־מלחמה צייט אין דייטשלאַנד
און רוסלאַנד, ווי אפרים־משה ליליען, רחל בערנשטיין־ווישניצער

א. אַנד. פון די אינגערע קינסטלער האָבן זיך אויסגעצייכנט צוויי יונגע פּוילישע אידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשלאַנד, יוסף בודקאָ און שבתי רובין (איצט ביידע אין ארץ ישראל). יוסף בודקאָ, אַ תּלמיד פון באַוואוסטן דייטש־אידישן מאָלער ה. שטרוק, איז אַ קינסטלער פון האָלץ־גראַווירונג און בוך־גראַפיקער. ער האָט באַצירט און טיפּאָגראַפיש אויסגעפּלאַנט די פיר־בענדיקע מאָנומענטאַלע אויסגאַבע פון ח. נ. ביאַליק'ס ווערק, וואָס איז גע־דרוקט געוואָרן אין בערלין מיט אַ יאָר צוועלף צוריק.

שבתי רובין האָט נאָך אין זיינע אינגערע יאָרן באַשאַפן אַ רייע פּרעכטיקע בוך־טאָוולען און שער־בלעטער, אָרנאַמענטן, איניציאַלן א. אַז. וו. פאַר זשורנאַלן ווי „התקופה", און פאַר אידישע און העברעאישע בוך־פאַרלאַגן אין בערלין אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה. זיין האַנט־קאָלאָרירטער (אילומינירטער) „שיר־השירים", געמאַכט ווי אַ פאַקסימיליע־דרוק פון כתב־יד, וואָס ער, רובין, האָט אָנגעשריבן, איז געווען איינע פון די פיינסטע דרוק־ווערק אין די לעצטע 15־20 יאָר (אַרויס אין פּרדס־פאַרלאַג, בערלין, 1922). אַ דריטער גראַפיקער, מנחם בירנבוים (זון פון דעם דענקער און כלל־טוער דר. נתן בירנבוים ז"ל) האָט באַצירט אַ סך בוך־טאָוולען און שער־בלעטער פאַר די בערלינער אידישע פאַר־לאַגן (וועלט־פאַרלאַג, אידישער פאַרלאַג, א. אַנד.) אַלע דריי יונגע קינסטלער האָבן געהאַט יענע ערנסטע, טיף־ליבנדיקע באַ־ציאונג צו דער אויסגעשטאַלטונג פון פיינעם אידישן אות, אָן וועלכער, ווי מיר וועלן באַלד ווייזן, קיין שום קינסטלערישע ווידער־געבורט פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע קען ניט געמאָלט זיין.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אָן דער התלהבות פאַר דעם פיינעם בוך ביים אידישן לייענער און בוך־זאַמלער קען די פּרוכטבאַרע אַרבעט פון אידישע בוך־קינסטלער ניט מעגלעך זיין. דאָ און דאָרט האָבן אָבער פאַרשידענע קרייזן אין דער אידישער וועלט אַרויסגעוויזן אַ טיפע פאַרשטענדניש און אַפילו באַגייסטערונג פאַר דער קינסטלע־רישער אויפלעבונג פון אידישן בוך. אָט איז, למשל, נאָך אין יאָר 1924 אין דייטשלאַנד, געשאַפן געוואָרן די „סאָנטשינא געזעלשאַפט פון די פריינד פון אידישן בוך". איר ציל איז געווען אַרויסצוגעבן מוסטערהאַפטע דרוק־ווערק פון אידישע גייסטיקע שאַפונגען און צו ווייזן, אַז אויך די פאָרם פון אידישן בוך דאַרף אַנטשפּרעכן זיין אינערלעכן גייסט. דאָס מיינט, אַז אויך אין זיין אויסערלעכער גע־שטאַלטונג דאַרף דער אידישער בוך שטיין אויף אַזאַ הויכן שטאַפּל

ווי דער, וואו ס׳געפינען זיך די גייסטיקע שאַפונגען פון אידנטום. די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געשטרעבט צו אַ ברייטער טעטיקייט, ווי למשל אַרויסצוגעבן זעלטענע טעקסטן און ווערטפולע דרוקן פון ווערק פונם אידישן אינהאַלט און אידישן גייסט אין די שפּראַכן פון אַלע צייטן און פון אַלע קולטורן. מען האָט געוואָלט אַרויסלאָזן נייע אויסגאַבעס פון די שווער צוגענגלעכע אַלטע דרוק־ווערק, וועלכע צייכנען זיך אויס אָדער אין דער טיפּאָגראַפישער פאָרם זייערער אָדער מיטן זעלטן־גוטן אינהאַלט.

צום סימבאָל פון איר שטרעבונג האָט פאַר זיך אָט די געזעל־שאַפט אויסגעקליבן דעם נאָמען פון דער קלאַסישער אידישער דרוקער־פאַמיליע פון 15טן און 16טן י״ה, וועלכע האָט אין דער שטאָט סאָנטשינאָ, און שפּעטער אויך אין אַנדערע איטאַליענישע שטעט, אויפגעבויט אירע דרוקערייען. די מיטגלידער פון אָט דער משפּחה האָבן, ווי מיר האָבן אויבן דערציילט, אָנגעפאַנגען דעם דרוק פון תלמוד אין 1484, און האָבן אין 1488 אָפּגעדרוקט דעם ערשטן פולן תנ״ך. מיט דער פיינקייט פון זייערע דרוק־אותיות, מיט דער שיינקייט פון זייער זאַץ־בילד דערגרייכן די סאָנטשינאָ־דרוקן די העכסטע שפּיצן פון דער אַנטוויקלונג, ווי דער העברעאישער בוך־דרוק האָט עס נאָך דערוויל ווידער קיינמאָל ניט געשאַפן צום צווייטן מאָל. דער גייסט און די שאַפונגען פון דער סאָנטשינאַ פאַמיליע האָבן געזאָלט דינען ווי אַ פאָרבילד און סטימול פאַר דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָנגענומען זייער נאָמען כמעט פיר הונ־דערט יאָר נאָך דעם טויט פון דעם לעצטן זון פון אָט דער דרוקער־משפּחה. פאַר אירע מיטגלידער אין אַלע עקן וועלט האָט די סאָנטשינאָ־געזעלשאַפט אַרויסגעגעבן אַ גרויסאַרטיקע צייטשריפט, „סאָנטשינא בלעטער״, וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצען מיט די פראַגן פון בוך־אויסאַרבעטונג און ביכער־זאַמלונג (ביבליאָ־גראַפיע און ביבליאָפיליע) ביי אידן. די געזעלשאַפט האָט אויך פאַרעפנטלעכט אין איר פאַרלאַג אַ צאָל פיינע בוך־ווערק: רעפּראָ־דוקציעס (ווי די פּראַגער הגדה פון 1526 א. אַנד.) און אַ סך נייע, אָריגינעלע ווערק אין העברעאיש און דייטש. וועגן איר פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ נייעם, אַ טיפּאָגראַפיש־קינסטלערישן תנ״ך וועלן מיר באַלד באַזונדער ריידן אויספירלעכער.

און אַז דער חורבן פון דייטשן אידנטום, אין 1933, האָט איבער־געריסן די טעטיגקייט פון דער „סאָנטשינא געזעלשאַפט פון די פריינד פון אידישן בוך״, איז כמעט גלייכצייטיק אין לאָנדאָן גע־


שפוך

חמתך על הגוים

אשר לא ידעוך ועל

הממלכות אשר

בשמך לא

קראו:

שפוך עליהם זעמך וחרון

אפך ישיגם תרדוף באף

ותשמידם מתחת שמי ה'

אינעווייניקסטער שער פון דער פראַגער הגדה, 1926

(אומגעפער צוויי־דריטל פון דער אָריגינעלער גרויס)

אויספירלעכע באַשרייבונג פון אָט דעם שער אין באַמערקונג 5 צום קאַפּ. 4

לא לנו יי לא ה
לנו כי לשמך
תן כבוד׃ על חסדך ועל
אמתך למה יאמרו הגוים
איה נא אלהיהם ואלהינו
בשמים כל אשר חפץ עשה׃
עצביהם כסף וזהב מעשה
ידי אדם פה להם ולא
ידברו עינים להם ולא יראו
אזנים להם ולא ישמעו אף
להם ולא יריחון׃ ידיהם
ולא ימישון רגליהם ולא
יהלכון׃

לא לנו שאמרת להביא משיח לא למעננו
עשה אלא למענך בשביל כבודך עכ׳

א זייטל פון דער אילוסטרירטער הגדה של פסח
געדרוקט אין פראַג, 1526

באַרן געוואָרן אַ נייער בוך־פאַרלאַג, די „סאָנטשינאָ־פּרעס", פאַר דער ערנסטער אידישער ליטעראַטור אין ענגליש. עס זיינען שוין דאָרט אַרויס אַזעלכע מאָנומענטאַלע ווערק, ווי די איבערזעצונג פון „זוהר" (אין 5 בענד), דער גרעסטער טייל פון „תלמוד בבלי" אין ענגליש (געפּלאַנט צו האָבן 30 בענד) און אַ רייע אַנדערע אָריגינעלע און איבערזעצטע ווערק אויפן געביט פון „יודאַיקא". אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט לייגט די „סאָנטשינאָ פּרעס" אויף דער אויסערלעכקייט פון אירע בוך־אויסגאַבן, ווי גוטע פּאַפּיר און פיינער דרוק. אין ענגלאַנד צייכנען זיך בכלל די ערנסטע ביכער אויס מיט אַ פיינער, פאַרנעמער אויסשטאַטונג, און אָט די ווערק פון נייעם ענגליש־אידישען בוך־פאַרלאַג שטייען אין טיפּאָגראַפישן זינען אויף דער העכסטער שטופע פון פיינער בוך־אויסאַרבעטונג.

אָט די פּאָר ביישפּילן באַווייזן, אַז אויך ביי אונז אידן פעלט איצט ניט קיין התלהבות פאַר דער טיפּאָגראַפישער קונסט, פאַר פיינע דרוק־אַרבעטן. לאָמיר אָט דעם פייער היטן און נערן. די אידישע קינסטלער־גראַפיקער, און אַלע פריינד פון דעם פיינעם בוך־דרוק ביי אידן, קענען באַשאַפן אַ וויכטיקן אויפטו פאַר אונזער גייסטיקן לעבן, פאַר אונזער קולטור אין אַלע שפּראַכן, אין וועלכע אידן ריידן און לייענען, דיכטן און דענקען אין אַלע לענדער וואו מיר לעבן און שאַפן. מיר האָבן שוין גרויסע גייסטער פון דער בוך־קונסט, און אַ סך פון זיי, וואָס אַרבעטן פאַר פרעמדע, וואָלטן דאָך געוויס אַריבער צו אונז, אויב מיר וואָלטן נאָר פאַרשטאַנען ווי אַזוי זיי צו דערמוטיקן און צו העלפן. ווען מיר דאָס טאָן?

---

זייער אינטערעסאַנט פון טיפּאָגראַפיש־קינסטלערישן שטאַנד־פּונקט איז דער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון די העברעאישע דרוק־שריפטן. די מערסטע אידישע דרוקערס זיינען געווען, ווי מיר האָבן שוין געזען, זייער געבילדעטע לייט, ממש גרויסע געלערנטע. די ערשטע דרוק־שריפטן זיינען אַלע געשאַפן געוואָרן אויב ניט דורך זיי גופא, איז אָבער אונטער זייער השגחה און אָנפירונג. און שטענדיק קענען די בעסטע רעזולטאַטן פון אַ שריפט־שניצערס אַרבעט בלויז דאַן געמאָלט זיין, ווען דער דאָזיקער בעל־מלאכה אָדער קינסטלער קען די שפּראַך פאַר וועלכער מען לאָזט אים שניידן די שריפטן. דעריבער צייכענען זיך אויך אויס די העברע־אישע דרוק־ווערק גלייך פון סאַמע אָנפאַנג מיט זייער פיינע און געראָטענע דרוק־אותיות. אינטערעסאַנט איז אויך, אַז דער העברע־

אישער דרוקער־אַלפאַבעט איז אַריין אין געברויך נאָך פאַר דעם גריכישן. דאָס ערשטע אידישע דרוק־ווערק, רש״י׳ס פירוש צום חומש (געדרוקט אין רעדזשיא, 1475) איז געזעצט אין אותיות אָן נקודות, דאָס זיינען הויכע סטיליזירטע אותיות, ד. ה. ניט קיין קוואַדראַטנע, און ניט קיין אותיות מיט שאַרפע ווינקלען. און אָט די אותיות, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין צווייטן קאַפּיטל, זיינען אַ מין שפּאַניש־רבנישער קורסיוו, ענלעך צום אַזוי־גערופענעם רש״י כתב, ד. ה. ניט־פּירקאַנטיקע אותיות. מיט 5 יאָר שפּעטער,

אמר ר׳ יצחק לא הי׳ה צריך להתחיל
את התורה אלא מהחדש הזה לכם
שהיא מצוה ראשונה שנצטוו ישראל
ומה טעם פתח בבראשית משום כח

1. דרוקעריי־שריפט, רוים, 1480, אין געוויסע דייטשע און איטאַליענישע ווערק ווערט אָט דער שריפט פאַלש אָנגעגעבן ווי דער אין וועלכן ס׳איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער ערשטער געדרוקטער ספר ר ש ״ י צום חומש (1475), געדרוקט פון ר׳ אברהם בן גרטון און ר ע ־ ד ז ש י א ד י ק אַ ל אַ ב ר י אַ, (זע אויבן, ז. 17)

אין 1480, האָט מען אין רוים אָפּגעדרוקט אַ נייע אויסגאַבע פון רש״י צום חומש, און דערביי זיינען שוין באַנוצט געוואָרן גאַנץ אַנדערע דרוקער־אותיות (אילוסטר. 1), דווקא אָן אייגנאַרטיקער מין פּירקאַנטיקע אותיות. אָבער אין אָט דער „רוימישער מרובע״ איז לחלוטין ניטאָ קיין אונטערשיד צווישן דער דיקקייט פון די

אמר ר׳ יצחק לא היה צריך להתחיל
את התורה אלא מהחדש הזה לכם
שהיא מצוה ראשונה שנצטוו ישראל
ומה טעם פתח כבראשית משום כח

2. טעקסט ווי אין אילוסטראַציע 1, געזעצט אין אַ מאָדערנעם שריפט (צו ווייזן די אָפּשטאַמונג פון דאָזיקן נייעם שריפט).

ליגנדיקע (האָריזאָנטאַלע) און די שטייענדיקע (ווערטיקאַלע) ליניעס פון אות, ד. ה. ס׳איז ניט צו זען אַז די ליגנדיקע ליניעס זיינען דיק און די שטייענדיקע דין. דאָס, אָט דער אונטערשיד,

איז אָבער שטענדיק געווען דער גרונט־שטריך פון דער סופרישער „דייטשער מרובע", ווי די אותיות וואָס מיט זיי ווערן שטענדיק געשריבן ספרי־תורות, תפילין א. ד. גל. אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער נייעסטער צייט, אין דער אַזוי־גערופענער „מאָדערנער" דרוקער־שריפט האָט מען, לויט'ן מוסטער פון איינער פון די עלטסטע העברעאישע דרוקער־שריפט (רוימישע פון יאָר 1480) אָנגעהויבן צו געשטאַלטן דעם אות אַזוי, אַז די האָריזאָנטאַלע


וכפתר תחת שני הקנים ממנה וכפתר
תחת שני הקנים ממנה וכפתר תחת
שני הקנים ממנה לששת הקנים הע
היצאים מן המנרה: כפתריהם וקנתם
ממנה יהיו כלה מקשה אחת זהב
טהור: ועשית את נרתיה שבעה והעלה
את נרתיה והאיר על עבר פניה:

3. גרשון סאָנטשינאָ'ס דרוקעריי־שריפט (געשניטן אַרום 1491)

(ליגנדיקע) און די ווערטיקאַלע (שטייענדיקע) ליניעס זיינען אַלע גלייך דיק (אילוסטר. 2).

אַ ביסל שפּעטער, אין גרשון סאָנטשינאָ'ס דרוק־ווערק, אין סוף פון 15טן י"ה, געפינען מיר שוין דרוק־אותיות, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך דיקערע און דינערע אברים, און זיינען אויסגעגאָסן איינ־איינעם מיט די נקודות אונטער זיי (אילוסטר. 3). דאָס אַליין איז שוין אַ גוואַלדיקער טעכנישער פאָרטשריט און אַ גוואַלדיקע באַקוועמ־לעכקייט פאַרן זעצער, אַ זאַך, וואָס איז נאָך היינט צו טאָג ניט אומעטום אָנערקענט און דורכגעפירט געוואָרן. קוקט מען זיך אַריין אין אָט דער שריפט (אילוסטר. 3), באַמערקט מען גלייך, אַז די צורה פון די דרוק־אותיות שטאַמט פון אַן אות וואָס מען שרייבט מיט דער גענזענער פעדער, אָדער מיטן אַזוי־גערופענעם „שרייב־

ראַר", ווי מ׳פלעגט זיך אומעטום נוהג זיין אַמאָל, איידער מען האָט איינגעפירט די איצטיקע פיינע און באַקוועמע און ביליקע שטאָלענע פען. די ליניעס פון אות זיינען אין גרשון סאָנטשינאָס שריפט ענלעך צו אונזערע אַזוי־גערופענע „ראָנדאָ־שריפט", וואָס שרייבן שרייבט מען זי מיט אַ ספּעציעלער (טעמפּ־שפּיציקער) פען. די גענזענע פעדער אָדער דער „שרייב־ראָר" האָבן לחלוטין ניט געטויגט פאַר יענע קאַליגראַפישע פיינקייטן, וועלכע מ׳קען אַזוי לייכט אויספירן


אילו
דברים שאין להם שיעור הפאה והבכורים
והראיון וגמילות חסדים ותלמוד תורה אילו
דברים שאדם אוכל פירותיהן בעולם הזה
והקרן קיימת לו לעולם הבא כבוד אב ואם
וגמילות חסדי׳ והבאת שלום בין אדם לחבירו
ותלמוד תורה כנגד כולם: אין

4. דניאל באָמבערג׳ס שריפט, ווענעציע (געשניטן אַרום 1540)

היינט מיט דער שאַרף־שפּיציקער שטאָלענער פעדער. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און דער העברעאישער דרוק־אות אין איטאַליע האָט באַקומען אַ פיל פיינערע געשטאַלט. מען זעט זי, למשל, אין די אותיות, וואָס זיינען געשניטן געוואָרן פאַר דניאל באמבערגס דרוקעריי אין ווענעציע (אילוסטר. 4). דאָס איז געווען אַ שריפט, וועלכער האָט אַ זייער לאַנגע צייט געדינט ווי אַ מאָדעל פאַר אַ סך אידישע שריפט־גיסער און דרוקערייען אומעטום.

באָמבערגס שריפט איז פיל שענער, פון סאָנטשינאָס — זי איז

קודם כל רעגלמעסיקער, נענטער צו אַ פּירקאַנטיקער אָבער ניט קוואַדראַטנער פאָרם און די פּרעס־אַרבעט (אימפּרעשאַן) איז אין אַלע באַמבערגס ספרים נאָך אַ בעסערע ווי אין סאָנטשינאָס ספרים, הגם אַט די דאָזיקע דרוק־אַרבעט, סאָנטשינאָ׳ס, איז, ווי מיר ווייסן שוין, אויך בשעתה געשטאַנען גאָר, גאָר הויך. אין פּראַג, דעם גרויסן גייסטיקן צענטער פון די אַשכנזים, איז דער דרוק־וועזן שוין פרי געווען אַנטוויקלט, ווי מיר האָבן געזען. דאָרט איז דער עיקר באַנוצט געוואָרן די אַזוי גערופענע „דייטשע מרובע״, וואָס אונטער־שיידט זיך פון דער העברעאישער דרוק־שריפט וועלכע איז גע־וואָרן איינגעפירט אין ווענעציע דורך דעם, וואָס די פעטע שריפט איז אין פּראַג געווען ענלעך צו דער שריפט פון דער ספר־תורה. מיר האָבן געבראַכט אַ שער־בלאַט און פולע זייט פון דער „הגדה של פסח״, וועלכע איז געדרוקט געוואָרן פון ר׳ גרשון כהן איז פּראַג אין יאָר 1526, די ערשטע אילוסטרירטע הגדה וואָס איז ביי אידן געדרוקט געוואָרן. אַ פולע פאַקסימיליע־רעפּראָדוקציע פון אַט דעם איצט זעלטענעם יקר־המציאות דרוק־ווערק האָט, אין יאָר 1928, אַרויסגעלאָזן די „סאָנטשינאָ געזעלשאַפט״ אין בערלין צוזאַמען מיט אַן אויספירלעכער באַשרייבונג, פון טיפּאָגראַפישן און קינסט־לערישן שטאַנדפּונקט, מכח אַט דער גאָר אַלטער און פּרעכטיקער הגדה [5].

וואַרשיינלעך האָבן די שטאַמפּס (פּאַנטשעס) פאַר די ערשטע אידישע דרוק־שריפטן געשניטן דווקא גויים, דיזעלבע מייסטער וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר באַמבערגן און אַנדערע גרויסע קריסט־לעכע דרוקערס. חוץ איטאַליע, האָט אויך פראַנקרייך, אין 16טן י״ה, געהאַט באַרימטע שריפט־שניצער, ווי גאַראַמאָנט און אַנדערע (היינטיקע ענגלישע און פון אַנדערע שפּראַכן דרוק־שריפטן טראָגן, אַגב, די נעמען פון באַרימטע אַמאָליקע שריפט־שניצערס). גיליאָם לע בע, גאַראַמאָנטס אַ תלמיד האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט מיט זיינע פיינע העברעאישע דרוק־שריפטן (אילסט. 5־6). ער איז אין יאָר 1545 געקומען קיין ווענעציע און האָט געשניטן פאַר די גרויסע גוי׳אישע דרוקערייען פון אידישע ספרים. געוויס האָבן די ניט־אידישע שריפט־שניצער, וואָס האָבן אַפילו קיין עברי ניט געקענט, ניט געקענט צוגעבן זייערע אידישע שריפטן יענעם אַרטיסטישן טעם און ספּעציפישן כאַראַקטער, וועלכע די דאָזיקע מייסטער פלעגן זוכן צו געבן די שריפטן אין זייערע אייגענע לשונות. אָפט פלעגן זיי אויך אין די העברעאישע דרוק־אותיות

פשוט נאָכמאַכן די קונסט־טראַדיציעס, וואָס די גרויסע שריפט־מייסטער, ווי גאַראַמאָנט אין פראַנקרייך, קאַסלאָן אין ענגלאַנד א. אַז. וו., האָבן איינגעפירט פאַר די דרוק־שריפטן אין דער פראַנצויזישער, ענגלישער און אַנדערע שפּראַכן. דעריבער איז אַזוי לאַנג ניט געווען קיין גאַנץ גרויסער חן און באַזונדערע עלעגאַנץ אין די אידישע דרוק־שריפטן. מאַנכע דרוקערס, זעענדיק אַז דער הויפּט־קוואַל פון טיפּאָגראַפישער שענקייט, פיינע דרוק־שריפט, בלייבט

כשאפנה אשנה שמא לא תפנה:
עבסך לך יוסף דנילך טנה זצהום
בפאריש גוליאלמו ליבי צארפתי:

5. גוסטאַוו לעבע׳ס שריפט, געשניטן אין פּאַריז, 1565.



6. גוסטאַוו לעבע: ק ו ר ס י ו ו (אויבן), ט ע ק ס ט (אונטן), פּאַריז, 1591.

דער שריפט־שניצער האָט אין אייגנהענטיקער באַמערקונג אויף אַ געדרוקטער קאָפּיע פון זיין לאַטייניש ווערק איבער העברעאישע דרוקעריי־שריפטן געשריבן, אַז ער איז ניט אינגאַנצן צופרידן מיט׳ן דאָזיקן שריפט. די צייטן זיינען אָבער געווען זייער שטורמישע (אין יאָר 1591 האָט פּאַריז דורכגעמאַכט אַ באַלאַגערונג) און אין די אומשטענדן, זאָגט לעבע, איז אים ניט מעגלעך געווען צו שאַפן אַ פיינערן, עלעגאַנטערן, העברעאישן דרוקער־אַלפאַבעט.

עֲנְיָא דִי אֲכָלוּ אַבְהָתָנָא בְאַרְעָא
דְמִצְרַיִם כָּל דִכְפִין יֵיתֵי וְיֵכוּל ·
כָּל דִיצְרִיךְ יֵיתֵי וְיִפְסַח · הָשַׁתָּא
הָכָא לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּאַרְעָא דְּ
יִשְׂרָאֵל · הָשַׁתָּא עַבְדֵי · לְשָׁנָה
הַבָּאָה בְּנֵי חוֹרִין ׃ ומוזג כוס שני

7. פראַג, מרובע שריפט, אַרום 1525

מִצְרַיִם וַיִּתֵּן־אֹכֶל בֶּעָרִים אֹכֶל שְׂדֵה־הָעִיר אֲשֶׁר
סְבִיבֹתֶיהָ נָתַן בְּתוֹכָהּ׃ וַיִּצְבֹּר יוֹסֵף בַּר כְּחוֹל הַיָּם
הַרְבֵּה מְאֹד עַד כִּי־חָדַל לִסְפֹּר כִּי־אֵין מִסְפָּר ׃
וּלְיוֹסֵף יֻלַּד שְׁנֵי בָנִים בְּטֶרֶם תָּבוֹא שְׁנַת הָרָעָב ב
אֲשֶׁר יָלְדָה־לּוֹ אָסְנַת בַּת־פּוֹטִי פֶרַע כֹּהֵן אוֹן׃
וַיִּקְרָא יוֹסֵף אֶת־שֵׁם הַבְּכוֹר מְנַשֶּׁה כִּי־נַשַּׁנִי
אֱלֹהִים אֶת־כָּל־עֲמָלִי וְאֵת כָּל־בֵּית אָבִי׃ וְאֵת שֵׁם

8. באַזעלער שריפטן (16טער און 17טער י״ה)

.בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם
הַמַּבְדִּיל בֵּין קוֹדֶשׁ לְחוֹל
בֵּין אוֹר לְחוֹשֶׁךְ בֵּין יִשְׂרָאֵל · לָעַמִּים
בֵּין יוֹם הַשְּׁבִיעִי לְשֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה
בֵּין קְדֻשַּׁת שַׁבָּת לִקְדֻשַּׁת יוֹם טוֹב
הִבְדַּלְתָּ וְאֶת יוֹם הַשְּׁבִיעִי מִשֵּׁשֶׁת יְמֵי
הַמַּעֲשֶׂה קִדַּשְׁתָּ הִבְדַּלְתָּ וְקִדַּשְׁתָּ אֶת

9. אַמסטערדאַמער שריפט, 1707

הַכֹּל יוֹדוּךָ וְהַכֹּל יְשַׁבְּחוּךָ · וְהַכֹּל יֹאמְרוּ אֵין
קָדוֹשׁ כַּיְיָ׃ הַכֹּל יְרוֹמְמוּךָ סֶּלָה יוֹצֵר הַכֹּל · הָאֵל
הַפּוֹתֵחַ בְּכָל־יוֹם דַּלְתוֹת שַׁעֲרֵי מִזְרָח׃ וּבוֹקֵעַ
חַלּוֹנֵי רָקִיעַ · מוֹצִיא חַמָּה מִמְּקוֹמָהּ וּלְבָנָה
מִמְּכוֹן שִׁבְתָּהּ׃ וּמֵאִיר לָעוֹלָם כֻּלּוֹ וּלְיוֹשְׁבָיו ·
שֶׁבָּרָא בְּמִדַּת רַחֲמִים׃ הַמֵּאִיר לָאָרֶץ וְלַדָּרִים
עָלֶיהָ בְּרַחֲמִים · וּבְטוּבוֹ מְחַדֵּשׁ בְּכָל־יוֹם תָּמִיד

10. רעדעלהיימער שריפט, 1876

גאַנגבאַרסטע אידישע שריפטן פון 1525 ביז 1880

דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם וְעָשׂוּ לָהֶם צִיצִת עַל־כַּנְפֵי בִגְדֵיהֶם לְדֹרֹתָם וְנָתְנוּ עַל־צִיצִת הַכָּנָף פְּתִיל תְּכֵלֶת: וְהָיָה לָכֶם לְצִיצִת וּרְאִיתֶם אֹתוֹ וּזְכַרְתֶּם אֶת־כָּל מִצְוֹת יְהֹוָה וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם. אֲנִי יְהֹוָה אֱלֹהֵיכֶם:

11. ווינער שריפט (געשניטן נאָך 1850)

דַּיֵּנוּ: אִלּוּ קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת הַתּוֹרָה דַּיֵּנוּ: אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת הַתּוֹרָה וְלֹא הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דַּיֵּנוּ: אִלּוּ הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וְלֹא בָנָה לָנוּ אֶת בֵּית הַבְּחִירָה דַּיֵּנוּ:
עַל אַחַת כַּמָּה וְכַמָּה טוֹבָה כְפוּלָה וּמְכֻפֶּלֶת לַמָּקוֹם עָלֵינוּ׃ שֶׁהוֹצִיאָנוּ מִמִּצְרַיִם׃ וְעָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים׃ וְעָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם׃ וְהָרַג אֶת בְּכוֹרֵיהֶם׃ וְנָתַן לָנוּ אֶת מָמוֹנָם׃

12. ווילנער שריפט (געשניטן 1879)

לְהָאִיר עַל־הָאָרֶץ וַיְהִי־כֵן: וַיַּעַשׂ אֱלֹהִים אֶת־שְׁנֵי הַמְּאֹרֹת הַגְּדֹלִים אֶת־הַמָּאוֹר הַגָּדֹל לְמֶמְשֶׁלֶת הַיּוֹם וְאֶת־הַמָּאוֹר הַקָּטֹן לְמֶמְשֶׁלֶת הַלַּיְלָה וְאֵת הַכּוֹכָבִים: וַיִּתֵּן אֹתָם אֱלֹהִים בִּרְקִיעַ הַשָּׁמָיִם לְהָאִיר עַל־הָאָרֶץ: וְלִמְשֹׁל בַּיּוֹם וּבַלַּיְלָה וּלְהַבְדִּיל בֵּין הָאוֹר וּבֵין הַחֹשֶׁךְ וַיַּרְא אֱלֹהִים כִּי־טוֹב: וַיְהִי־עֶרֶב וַיְהִי־

13. דרוגולין, לייפּציג, (געשניטן, 1906)

לָכֵן חַכּוּ־לִי נְאֻם־יְיָ לְיוֹם קוּמִי לְעַד ׃ כִּי מִשְׁפָּטִי לֶאֱסֹף גּוֹיִם לְקָבְצִי מַמְלָכוֹת לִשְׁפֹּךְ עֲלֵיהֶם זַעְמִי כֹּל חֲרוֹן אַפִּי ׃ כִּי בְּאֵשׁ קִנְאָתִי תֵּאָכֵל כָּל־הָאָרֶץ: כִּי־אָז אֶהְפֹּךְ אֶל־עַמִּים שָׂפָה בְרוּרָה לִקְרֹא כֻלָּם בְּשֵׁם יְיָ לְעָבְדוֹ

14. פראַנק־קיהל (לייפּציג, 1910)

גאַנגבאַרסטע אידישע שריפטן אין 19טן און 20טן י״ה

פאַרשטאָפּט, האָבן געזוכט איינפירן אַ „קינסטלעכע שענקייט" דורך אַזעלכע ביליקע טעכנישע עפעקטן, ווי צו דרוקן די אותיות אין שוואַרץ און די נקודות (וואָס מען האָט געגאָסן באַזונדער) אין רויט א. ד. גל. דאָך האָבן ניט געפעלט קיין פיינע אידישע שריפטן אויך אין אַנדערע לענדער חוץ איטאַליע, ווי למשל אין בעהמען (פּראַג) און שווייץ (באַזעל) א. אַנד. (אילוסטר. 7 און 8).

לויטן מוסטער פון די באַמבערגשע שריפטן זיינען שפּעטער געשניטן געוואָרן די אַמסטערדאַמער שריפטן (אילוסטר. 9), פון אַ פאַרנעמען, זייער עסטעטישן כאַראַקטער. זייער געשטאַלט האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון די דרוק-שריפטן צווישן די אַשכנזים, ד. ה. אין דייטשלאַנד און פוילן, אין משך פון 17טן און 18טן י"ה. טיף ביזן 19טן י"ה אַריין. אַזוי, למשל, איז קלאָר דער אַמסטערדאַמער סטיל אַפילו אין דער געשטאַלט פון די פיינע דרוק-אותיות פון דער באַוואוסטער דרוקעריי אין רעדעלהיים, דייטשלאַנד פון פאַר 70-80 יאָר צוריק, וואָס אירע ווערק, ווי מחזורים א. אַנד. זיינען שטאַרק פאַרשפּרייט געווען אין רוסלאַנד (אילוסטר. 10). אין דער נייער צייט זיינען שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן די אַזוי גערופענע „ווינער שריפטן", אין וועלכע ס'טרעט זייער שאַרף, בולט אַרויס דער אַקצענטירטער אונטערשיד צווישן די דיקע ליגנדיקע און דינע שטייענדיקע ליניעס פון אות. אין אָט דער זייער לעזבאַרער שריפט זיינען געדרוקט אַלע העברעאישע תנ"ך אויסגאַבן פון דער באַוואוסטער „בריטישער ביבל געזעלשאַפט". אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז דער רעדאַקטאָר פון אָט די תנ"ך אויסגאַבן איז געווען דער העברעאישער דיכטער און געלערטער דר. מאיר הלוי לעטעריס (1809-1871), וועלכער איז געווען אַן אור-אור-אור אייניקל פון באַוואוסטן זשאָלקאָווער דרוקער ר' אורי פייבוש, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין פריער אויספירלעך דערציילט ביי דער שילדערונג פון דער געשיכטע פון אידישע דרוקערייען אין פוילן. אַלע מבינים און אַזעלכע עסטעטיקער פון העברעאישן דרוק-וועזן ווי ח. נ. ביאַליק ז"ל און אַנד. האָבן שטאַרק געהאַלטן און פיל זיך באַנוצט מיט'ן „וויענער שריפט" (אילוסטר. 11).

ענלעך צום ווינער שריפט איז אויך אַן אַנדער נייער טיפּ אות (אילוסטר. 13), וועלכער איז געשניטן געוואָרן פאַר דער וועלט-באַרימטער דרוקעריי פון דער פירמע דרוגלין אין לייפּציג (נאָך מיט אַ יאָר 40 צוריק), וועלכע האָט דעמאָלט געדרוקט ווערק אין

אַן ערך 50 שפּראַכן, מערסטע פון זיי גאָר אַלטע און עקזאָטישע, ווי כינעזיש א. אַז. וו. נאָך פּאָר דער לייפּציגער איז אַריין אין ברייטן געברויך די ווילנער שריפט (אילוסטר. 12). פאַרגלייכט מען אָט די צוויי נייערע שריפטן, זעט מען גלייך, אַז די מאָדערנערע, ד. ה. שפּעטערע, די „לייפּציקער״, האָט אַ טענדענץ צו מאַכן די ווער־טיקאַלע (שטייענדיקע) ליניעס שוין אַביסל דיקער ווי פריער. אין די „ווילנער״ אותיות זיינען זיי, די שטייענדיקע ליניעס, געווען דינער ווי אין די „לייפּציקער״, וואָס זיינען געקומען מיט אַ יאָר 20־30 נאָך דער ווילנער שריפט. אַם שאַרפסטן טרעט אַרויס אָט־די טענדענץ אין דעם נייעסטן טיפּ דרוק־אות — אין די אַזוי־גערופענע „פראַנק־ריהל שריפט״, וועלכע ווערט איצט איינגעפירט ביי אונז אין אַמעריקע אויך פאַרן אידישן לאַינאָטאַיפּ־מאַשין זאַץ, און מיט וועלכער אָט דאָס איצטיק ווערק איז אויסגעזעצט.

אָט־די שריפט איז געשניטן געוואָרן לויט די צייכנונגען פון אַ דייטשן איד, רפאל פראַנק (1867־1920), וועלכער איז געווען אַ קאַנטאָר, לערער און סופר אין לייפּציג. מען האָט זי געשניטן פאַרן האַנט־זאַץ, אין 12 פאַרשידענע גראַדן, פון 6 ביז 48 פּאָינט, און געגאָסן אין דער שריפטגיסעריי „ריהל״ פון לייפּציג. דעמאָלט, אין 1910, האָט אָט־די פירמע באַ־קומען אַ גרויסע באַשטעלונג אויף אידישע שריפט פון אַרגענ־טינע, און מען האָט געוואָלט שאַפן אַ פרישערן, מאָדערנעם סאָרט אַלף־בית פאַרן אידישן דרוק. די „פראַנק־ריהל״ שריפט איז אַ האַלב־פעטע שריפט מיט אָט־די כאַראַקטער־שטריכן: די שטייענדיקע און ליגנדיקע ליניעס זיינען כמעט גלייך דיק; עס מערקן זיך קענטיקע אונטערשידן צווישן „ענלעכע״ אותיות ווי אַ „נון״ און אַ „גימל״, „דלת״ און „ריש״ א. ד. גל.; אין דער ברייטקייט פון די אותיות איז דאָ אַ געוויסע רעגעלמעסיקייט. אין די ערשטע צען יאָר נאָך איר שאַפונג, איז אָט־די נייע שריפט, וועלכע האָט געזאָלט זיין אַ מאָדערניזירונג פון די פיינע אַלטע, ווענעציאַנער שריפטן, ווי באָמבערגס (ז. צייכנונג 4) ניט געווען זייער פּאָפּולער: מבינים פון טיפּאָגראַפישע קונסט האָבן פון איר וועניק געהאַלטן. ערשט שפּעטער, נאָך דער מלחמה, ווען ס׳האָט אויפגעבליט דער אידישער און העברעאישער דרוק־וועזן אין איראָפּע, און דער עולם האָט געפאָדערט אַ פרישערע און מאָדערנע דרוק־שריפט, וואָס זאָל אגב זיין לעזבאַרער פון

די אַלטע וואַרשעווער און ווילנער שריפטן און נייער פון די שוין דערעסענע, מאָנאָטאָנע ווינער שריפטן, איז אַריין אין דער מאָדע די פראַנק־ריהל שריפט, פריער אין פוילן און דייטש־לאַנד, און לעצטנס אויך אין אַמעריקע. געוויס איז אָט־די שריפט נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט אין דער העברעאישער דרוק־אות אויספאָרמונג. זייער אינטערעסאַנט איז אָבער דער פאַקט, אַז שוין דער ערשטער, און לײדער ניט שטאַרק איינגעגעבענער פאַרזוך, צו מאָדערניזירן אונזערע דרוק־שריפטן האָט דעם גראַפיקער, שריפט־צייכענער און שניצער, געפירט צום אַלטן מקור פון אידישער טיפּאָגראַפיע — צו די ווענעציאַנער שריפטן פון אַ באָמבערג און אַנד.

אין די לעצטע יאָרן אַרבעטן ווידער אַ סך אידישע קינסטלער־גראַפיקער אויף דער פּראָבלעם פון אַ מאָדערניזירטן אידישן דרוקער אַלף־בית. דער שריפטשטעלער און העברעאישער קאָרעקטאָר פון גרויסע לייפּציגער דרוקערייען יוסף קאַפּלאַן (איצט אין וואַרשע) איז שוין צענדליקער יאָר טעטיק אויף אָט־דעם געביט, דורך צייטונג און זשורנאַל־אַרטיקלען מכח אידישער טיפּאָגראַפיע און אויך דורך פּראַקטישע פאַרשלאָגן פאַר נייע דרוקעריי־שריפטן. ער טרעט אויך אַרויס מיט נייע אידייען מכח טעכנישער איינפירונגען וואָס פאַרלייכטערן די אידישע זאַץ־טעכניק, ווי למשל אַריינצושטעלן די נקודות אין דער שורה גופא, אָנשטאָט די וואָקאַל־צייכנס זאָלן זיין אונטערן אות: נייע „ליגאַטורן", ד. ה. בוכשטאַבן־קאָמבינאַציעס, א. ד. גל. אָבער זיינע גייסטרייכע פּראָיעקטן האָבן קנאַפּע שאַנסן אָנגענומען צו ווערן, מחמת די אורזאַכן, וואָס וועלן באַלד פון אונז אַרויסגעבראַכט ווערן. ער האָט אגב שוין געלאָזט שניידן און גיסן אַ צאָל מער אָדער ווייניקער שיינע סטיליזירטע אידישע אַלף־בית'ן פאַרן דרוק, אין די פון אים אַליין געצייכנטע אות־פאָרמען. ער איז פיל שטאַרקער אין דער קריטיק פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע ווי אין דער פּאָזיטיווער שאַפונג פון נייע בוכשטאַב־פאָרמען און דרוק־סטילן. אָט איז, למשל, אַן אויסצוג פון איינעם פון זיינע לעצטע אַרטיקלען (דערווייל נאָך אין מאַנוסקריפּט) „אַ ביטראַג צו דער געשיכטע פון אידישע דרוקערייען און שריפטן".

אונזער טיפּאָגראַפיע איז אָרים אין פאַרשידענע מינים אותיות, ווי זיי זיינען שוין פון לאַנג פאַראַן אין די אַנדערע וועלט־שפּראַכן. עס פעלן נעמלעך ביי אונז, אידן, דרוק־טיפּן אין פאַרשידענע סאָרטן, ווי למשל שמאָלע, ברייטע,

פּעטע, מאָגערע, געבויגן אויף רעכטס, געבויגן אויף לינקס, קיילעכדיקע, אָוואַ־
לע, שרייב־שריפטן א. אַז. וו., וואָס מען באַנוצט אין אַנדערע שפּראַכן, יעדן
מין אין זיין פּאַסיקן אָרט, בעת ביי אונז זיינען ביז מיט אַ יאָר צוואַנציק
צוריק געווען בלויז איין מין ברייט־פּאַרשפּרייטע דרוק־אותיות. דאָס זיינען
געווען די אותיות, וואָס די ליגנדיקע ליניעס זיינען אין זיי דיק און די
שטייענדע ליניעס — דין. אָט מיט דעם שריפט זיינען דאָס ביי אונז געדרוקט
געוואָרן אפילו גראַמאַטיק־ביכער און ווערטערביכער — אַלץ נאָר מיט איין מין
אות אין פאַרשידענע גראַדן. און ווען מ׳האָט געוואָלט אַ וואָרט אָדער אַ זאַץ
„אויפהויבן" פון אַ שורה, האָט מען געמוזט אין דער שורה אַריינשטעלן אותיות
פון אַ גרעסערן גראַד.

און, אין גרונט, האָט זיך די לאַגע אין משך פון די לעצטע פּאָר
צענדליק יאָר נאָך גאַנץ ווייניק פאַרבעסערט. קליינע און גרויסע
שריפטגיסערייען האָבן אַרויסגעבראַכט אָן אַ שיעור נייע האַנט־זאַץ
שריפטן פון אַלערליי מינים אָן אַ גרויסן קינסטלערישן ווערט,
שריפטן, וואָס האָבן אַ דילעטאַנטיש־צופעליקן און אומרייפן כאַ־
ראַקטער. די איינציקע באַדייטונגספולע פּראָבע צו שאַפן אַ נייעם
גאַנגבאַרן אין דער גאַנצער אידישער וועלט דרוק־שריפט, דער
„פראַנק ריהל", איז געווען אָן אומגעלונגענע, ווי אַנדערע גלויבן
אַפילו אַן אומגליקלעכע פּראָבע, וואָס האָט קיין איינציקן טיפּאָגראַף־
קינסטלער ניט געקענט באַפרידיקן. פאַרוואָס־זשע, פרעגט זיך,
איז עס אַזוי שווער צו שאַפן אַ נייעם, פיינעם, עסטעטיש־אויסגע־
האַלטענעם העברעאישן שריפט? כדי צו׳געבן אַן ענטפער, מוז מען
פריער פון אַלץ אַרויסברענגען די טיפסטע אייגנשאַפטן פון דעם
ענין דרוק־שריפטן בכלל.

פון אַלע אַנדערע קינסטלערישע שאַפונגען אונטערשיידט זיך
די דרוקער־שריפט אין איין וויכטיקן פּרט. צו איר ווערט אַרויסגע־
שטעלט איין פאָדערונג, וועלכע גילט ניט אין באַצוג צו אַלע אַנ־
דערע גראַפישע און דארשטעלנדיקע מינים קונסט, ווי אַ שטייגער,
אַ בילד, אַ גראַוויר, אַ ביוסט אָדער סטאַטוע. זיי מעגן זיין פאַרשטענד־
לעך און נושא־חן זיין בלויז ביי אַ קלענער הייפל מענטשן, בעת
אַלע איבעריקע אָנקוקער וועלן דעם ווערק ניט פאַרשטיין און ניט
האַלטן פון אַט־אַזאַ ווערק אפילו וואָס אַ האָר איז ווערט. דערפון
ווערט אָבער דער קינסטלערישער אינהאַלט, די באַדייטונג און
ווערדע, פון אַזאַ קונסט־ווערק נאָך ניט פאַרמינערט. אָבער לחלוטין
אַנדערש איז שוין דער כלל בנוגע צו דרוק־שריפטן, ווייל אַ שריפט
וואָס ווערט ניט פאַרשטאַנען פון אַלע וואָס קענען עברי האָט אויך
במילא קיין שום ווערט ניט און טויג אויף כפּרות. דערום זאָגט מען,

אַז יעדע גוטע דרוק־שריפט מוז האָבן די מעלה פון דער אַזוי־געררו־
פענער „אַלגעמיין־גילטיקייט״. ליידער ווערן אַ סך פון די נייערע,
מאָדערניסטישע שריפטן, וואָס אידישע גראַפיקער שלאָגן איצט
פאָר, פשוט ניט פאַרשטאַנען, בלייבן, מיינט עס, אומלעזבאַר און
זיינען ניט ווערט דעם שטיקל פאַפיר וואו זיי שטייען אָפּגעדרוקט.

און נאָך אַ זאַך. יעדער איינער וואָס קען לייענען איז אויך בכח
צו שרייבן עברי, הגם ער מעג זיך זיין ניט קיין שרייבמייסטער,
קאַליגראַף. ס׳איז שוין פריער באַטאָנט געוואָרן די קאַליגראַפישע
אָפּשטאַמונג פון אַלע דרוק־שריפטן, ד. ה. אַז די פיינסטע דרוק־
אותיות אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער קומען אַרויס פון די
האַנטשרייבער, פון די פּראָפעסיאָנעלע סופרים, וואָס זיי אַלע זיינען
געווען גייסטיק פאַרבונדן מיט דער קונסט־פאָרם פון אות. ביי אונז
אידן גילט אָט־דער כלל גאָר, גאָר שטאַרק, ווייל די סופרים־פּראָ־
פעסיע לעבט דאָך ביזן היינטיקן טאָג, און אָט־די האַנט־געשריבענע
ספרי־תורה זיינען דאָך דער נויטיקסטער רעליגיעזער קולט־געגנ־
שטאַנד ביי אידן אומעטום. וואָלט מען דאָך אפשר געמעגט האָפן,
אַז פון אַ סופר, אַ גרויסן קינסטלער וועט סוף־כל־סוף עמיצער זוכה
זיין צו ווערן אַ גאָט־געבענטשטער שריפט־צייכענער ביי אידן.
ליידער איז דערווייל פון די סופרים־קרייזן נאָך אַלץ ניט געקומען
יענע שאַפונג, וואָס וואָלט אונז באַשאָנקען מיט אַן אַלט נייעם עכט־
קינסטלערישן, דערהויבענעם דרוק־שריפט. די אורזאַך איז אַ גאַנץ
איינפאַכע : פון דער שרייב־מלאכה אַליין, ווי איינגעאיבט מען זאָל
ניט זיין, קומען נאָך ניט אַרויס יענע ספּעציפישע שעפערישע
כחות וואָס פירן צו אַ טיפּאָגראַפישער קונסט־לייסטונג. קלאָרער גע־
רעדט : אויף צו באַשאַפן אַ גוטן דרוק־שריפט איז נויטיק צו האָבן,
חוץ דער זעלבסטפאַרשטענדלעכער מיטגעבאָרענער פעאיקייט צו
דער מלאכה פון אַ סופר, ערשטנס, אַ גרינדלעכע קענטעניש פון די
עקזיסטירענדיקע שריפט־פאָרמען פון אַלע צייטן, וואָס קומט פון
אַ זייער לאַנגן און פלייסיקן שטודיום אין די אַרכיוון און ביבליאָ־
טעקן ; צווייטנס, אַ גוטע אַלגעמיין־קינסטלערישע שולונג, אַ מעטאָ־
דישע, טעאָרעטישע און פּראַקטישע צוגרייטונג אין דער שווערער
גראַפישער קונסט ; און דריטנס — ס׳פאָדערט זיך אויך אַ טיפע
ליבע, אַ יראת הכבוד, צו דער ליטעראַטור. מיט איין וואָרט — מען
דאַרף זיין אַ געבאָרענער קינסטלער און דערצו נאָך האָבן דורכגע־
מאַכט אַ גרויסע גייסטיקע אַנטוויקלונג, אַ פילזייטיקע ליטעראַריש־
קינסטלערישע בילדונג.

איז עס ליידער אַ טרויעריקער פאַקט, אַז פערזאָנען, אין וועלכע אַט־די אַלע פונדאַמענטאַלע באַדינגונגען זאָלן דערפילט ווערן, און זיך האַרמאָניש צוזאַמענטרעפן און פאַרבינדן, זיינען אין די לעצטע איינציקע הונדערט יאָר געווען זייער זעלטן ביי אידן, אויב זיי זיינען בכלל געווען ווידער בנמצא זינט די ערשטע צייטן פון אידישן דרוק־וועזן, וועלכע מיר האָבן פריער באַשריבן, ריידנדיק וועגן ר' גרשון סאָנטשינא און אַנדערע מדפיסים פון פאַר 400 יאָר צוריק. דאָס איז די אורזאַך, הלמאי עס איז, זינט דעם ערשטן אויפבלי פון דער אידישער דרוקעריי אין 15־16טן י"ה, שפּעטער שוין קיין פיינער נייער אות ניט געקומען, און ס'איז אָנגעגאַנגען כסדר אַ פּראָצעס פון ירידה אין אידישן דרוק־וועזן בכלל. און ערשט אין די סאַמע לעצטע יאָרן, ערב דעם חורבן פון צענטראַל־אייראָפּעאישן אידנטום, האָט זיך אָנגעפאַנגען די אומגעריכטע ווידערגעבורט און אויפלעבונג פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע, אויף וועלכער מ'האָט ווירקלעך געמעגט לייגן די שענסטע האָפ־נונגען.

אַט די באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט איצט די גאַנצע אידישע וועלט. דאָ און דאָרט טרעטן אַרויס „נאָוואַטאָרס", מענטשן מיט נייע, געוואַגטע פּלענער, וועלכע ווילן ממש „רעוואָלוציאָניזירן" די אי־דישע דרוק־שריפטן. חוץ יוסף קאַפּלאַן, וואָס איז שוין פריער דער־מאָנט געוואָרן, זאָל דאָ בלויז פאַרצייכנט ווערן אַ מאָדערנער לאָנ־דאָנער אידישער גראַפיקער, ה. י. שאָנפיעלד, וועלכער וואָלט וועלן אַזוי מאָדיפיצירן די געשטאַלטן פון העברעאישן אלף־בית, אַז זיי זאָלן ווערן גאַנץ ענלעך אויף די לאַטיינישע בוכשטאַבן, נאָך מער ענלעך אויף די לאַטיינישע אותיות ווי אויף די אָריגינעל־אידישע, די פּירקאָנטיקע גופא. אַ סך פון די אַרויסגעבראַכטע פון אים, ווי פון יוסף קאַפּלאַן, אות־געשטאַלטן זיינען אי גאַנץ אָריגינעל אי זייער גראַציעז. מען קען זיי לייכט איינפירן אין לעבן, וואָס ס'איז שייך צו די טעכנישע פּראָצעסן, ד. ה. צו באַשטעלן שטאַמפּס (פּאָנטשעס) און אויסגיסן מאַטריצן. דאָס איז דאָך אָבער נאָך ניט קיין גאַראַנטיע פון טיפּאָגראַפישן דערפאָלג. און נאָך אַנדערע שפּאָגל־נייע שריפט־צייכנס וועלן זיך ביי אונז אידן מסתם קיינמאָל ניט אָננעמען, וועלן, הייסט עס, זיין אַ ברכה לבטלה, און וועלן טאַקע האָבן אָט אַזאַ מיאוסן פּסק כשר פאַרדינט. און די אורזאַך? — ווייל זיי האָבן קיין שום צוזאַמענהאַנג ניט, קיין שום שייכות מיט דער סופרישער טראַדיציע, וואָס פון איר מוז, מיט אַ נאַטירלעכער

שעפּפערישקייט, אַרויסוואַקסן ביי אונז אידן יעדער נייער העברע־אישער דרוק־שריפט, וועלכער פּרעטענדירט צו זיין אַלגעמיין־פאַרשטענדלעך (לעזבאַר), עסטעטיש (פול מיט אַן אַלט־נייעם חן), און נאָך דערצו פּראַקטיש (געזונט פאַר די אויגן) און קלאָר.

די אָפּט פון אונז דערמאָנטע בערלינער „סאָנטשינאָ געזעל־שאַפט”, וועלכע האָט זיך געקליבן, נאָך מיט אַ צען יאָר צוריק, אָפּ־צודרוקן דעם גאַנצן תנ״ך אין אַ מאָנומענטאַלער אויסגאַבע און אין אַ נייער עסטעטישער דרוק־שריפט (דעם לעצטן שייַנעם העברעאישן ביבל־דרוק האָט מען אַרויסגעלאָזן ביי די ווענעציער קריסטלעכע מדפיסים מיט קאַרגע 400 יאָר צוריק), האָט שוין אפילו געמאַכט צוגרייטונגען פאַר דער שאַפונג פון נייע אידישע דרוק־אותיות — אַ באַנייאונג פון די שענסטע אַלטע מוסטערן. פאַר אַ מאָדעל האָט די „סאָנטשינאָ געזעלשאַפט” גענומען די פּראַגער „מרובע”, ד. ה. די שריפט, וועלכע ס'האָבן באַנוצט די דרוקערס פון ר' גרשון כהנ'ס משפחה אין 16טן י״ה אין פּראַג. אין אָט דער שריפט איז אָפּגע־דרוקט געוואָרן די באַרימטע פּראַגער הגדה פון יאָר 1526, וואָס פון איר האָבן מיר דאָ רעפּראָדוצירט צוויי זייטן — דעם צווייטן שער־בלאַט און איינע אַ טעקסט־זייט, וועלכע איז אגב אַ מוסטער פון אַ האַרמאָנישן, עלעגאַנטן און באַלאַנסירטן זאַץ־בילד. (די פאַקסי־מיליע־קאָפּיע פון אָט דער הגדה, וועלכע איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן פון דער „סאָנטשינאָ געזעלשאַפט” אין בערלין אין 1928 האָט אונז געדינט ווי אַן אָריגינאַל פאַר די צוויי רעפּראָדוקציעס). אַ באַוואוסטער דייטש־אידישער קינסטלער־גראַפיקער, מאַרקוס בעה־מער, האָט געזאָלט אויפן גרונט פון אָט דער אַלטער פּראַגער דרוק־שריפט מיט געוויסע גראַפישע פאַרבעסערונגען, פאַרשטייט זיך, אויסגעשטאַלטן די נייע צייכנונגען (אָדער זיי איינגראַווירן אין בליי) פאַרן אלף־בית ווי אויך נקודות און נגינות (טראָפּ) אין דעם אַלטן גייסט אָבער אין אַ נייער מאָדערנער פאָרם. באַזונדערע קאָ־מיסיעס פון קינסטלער און פאַכלייט־געלערטע האָבן זיינע טיפּאָג־ראַפישע אָנוואַרפן שוין גוטגעהייסן, און מיר וואָלטן אפשר אין גיכן טאַקע זוכה געווען צו האָבן אַן עכט־פיינע, קינסטלעריש־הויכ־שטייענדיקע העברעאישע דרוק־שריפט. דער חורבן פון דייטשן אידנטום האָט אָט דעם גרויסן פּלאַן חרוב געמאַכט, שוין אין מאָ־מענט, ווען די פאַרווירקלעכונג האָט, טראָץ די גרויסע מניעות, געשיינט צו זיין אַזוי נאָענט און דערגרייכבאַר... וויסן מוז מען, אגב, אַז אַזאַ דרוקערשע אונטערנעמונג פאָדערט, חוץ גרויסע

קינסטלערישע טאַלאַנטן, אויך אַ סך מי און געלט. אַן עסטעטיש־געדרוקטער, אָנציענדער פאַר די אידישע ביבליאָפילן (בוך־ליב־האָבער) תנ״ך וואָלט באַשטאַנען פון פיר שטאַרקע בענדער אין פאָליאָ־פאָרמאַט. קען מען שוין לייכט משער זיין, וויפיל געלט אַזאַ דרוק־אונטערנעמונג, ווי נויטיק און וויכטיק זי זאָל ניט זיין, וואָלט געדאַרפט אָפּקאָסטן. ביי די אומות העולם קאָסטן די ביבליאָפילע ביבלס, ד. ה. מאָנומענטאַלע אויסגאַבן פון דער ביבל אין עטלעכע גרויסע בענדער, מינדעסטנס אייניקע הונדערט דאָלאַר אַ גאַנג (סעט). עס פעלן אָבער דעראויף קיין בעלנים ניט.

# באַמערקונגען

[1] מען מוז דאָ באַמערקן, אַז וו. מאָריסעס בוך־דרוק שטייט אין קינסטלערישן זינען העכער פון דער דרוקעריי־קונסט פון די ערשטע דרוק־מייסטער, די קלאַסיקער פון דער טיפּאָגראַפישער מלאכה. ביי זיי איז דער אָרנאַמענט, די פאַרצירונג, געווען אַ מין צופאַל־זאַך, אַ „פאַרשענערונג“ סתם, אָן אַ טעם און זין. ביי וויליאַם מאָריס׳ן איז אָבער יעדע פאַרצירונג, ווי דער איניציאַל אין אָנפאַנג פון קאַפּיטל, די וויניעטע ביים סוף, די ראַנד־פאַרצירונגען א. ד. גל. — אַלץ איז געווען אויסגעהאַלטן אין אַ האַרמאָניע און איינהייטלעכקייט מיטן סאָרט דרוק־שריפט פון טעקסט, פון די דריי סאָרטן שריפט וועלכע ער, מאָריס, אַליין האָט אויסגעמאָלן און געלאָזט שניידן פון זיי מאַטריצן און אויסגיסן בלייענע אותיות פאַר זיין דרוק־וואַרשטאַט.

אָט ברענגען מיר עטלעכע ציפערן, וואָס ווייזן, ווי ברייט ס׳קען זיין דער שאַפונג־פעלד פאַרן בוכדרוקעריי־קינסטלער, וואָס איז דערביי אַ צייכענער און גראַווירער. וויליאַם מאָריס האָט געשאַפן איבער דריי הונדערט פאַרצירטע ראשי־תיבות (איניציאַלן). פון איין־איינציקן בוכשטאַב, „טי“ האָט ער געהאַט 34 באַזונדערע איניציאַל־טאַיפּס. ער האָט געמאַכט 75 באָרדערס און 108 „מאַרדזשין“ אָרנאַמענטן. צוזאַמען, אַרום און אַרום, האָט וויליאַם מאָריס געצייכנט און אויסגראַווירט 644 דעקאָראַטיווע טיפּאָגראַפישע שאַפונגען במשך פון די זיבן יאָר וואָס זיין אַרבעט אויף דעם טיפּאָגראַפישן פעלד האָט גע־דויערט.

[2] ניט קיין קלענערע באַדייטונג ווי פאַרן לייענער האָט דאָך דער פיין־אויסגעאַרבעטער בוך אויך פאַר דער גאַנצער דרוק־אינדוסטריע בכלל. פיינע ביכער אַנטוויקלען דעם געשמאַק, הויבן אויף דעם אַלגעמיינעם סטאַנדאַרד פון דרוקעריי און פירן צו אַ העכערער טיפּאָגראַפישער מדרגה אויך די דורכשניטלעכע בוך־דרוק אַרבעטן. זיי פאַראיידעלן די טיפּאָגראַפישע פּראָדוקציע אויפן זעלבן אופן ווי עטלעכע פּראַכט־בנינים אין אַ שטאָט גיבן אַן אָפּשיין פון פּראַכט און גלאַנץ, שאַפן אַ רום און רעספּעקט פאַרן גאַנצן ישוב, וואו די מערסטע הייזער זיינען

דאָך, פאַרשטייט זיך, ביליקע, פּשוטע בנינים. מוסטער־ווערק פון פיינער בוך־דרוקעריי רופן אַרויס אַ בענקשאַפט נאָך אַן עסטעטישער הנאה, שאַפן אַ נאָכ־מאַכונג־אייפער, וועקן און שפּייזן אונזער מיטגעבאָרענעם יראת־הכבוד צו יעדער גייסטיקער שאַפונג. ממילא דינען אַזעלכע פיינע דרוק־ווערק דער וויכטיקער קולטור־אויפגאַבע צו לייטערן און פאַרפולקאָמען דעם געשמאַק ביים דענקנדיקן טייל פון דער געזעלשאַפט.

[3] וועגן יוסף בודקא אַלס קינסטלער־גראַפיקער און מאָלער האָט פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנטע מאָנאָגראַפיע אין אידיש שמריה גאָרעליק, וואָס איז אָפּגע־דרוקט געוואָרן, מיט אַ סך טיפּאָגראַפישע פאַרצירונגען געצייכנט פון קינסטלער בודקא גופא, מיט 31 בילדער־רעפּראָדוקציעס אויף באַזונדערע בלעטער און מיט 21 האָלץ־שניטן (רעפּראָדוקציעס) אין טעקסט. ז. ש. גאָרעליק: יוסף בודקא, וואַרשע, תרפ"ד (1923), פאַרלאַג ברידער לעווין־עפּשטיין, 39 זז. טעקסט.

[4] ס'איז ניט קיין צופאַל וואָס די אויפלעבונג פון דער אידישער דרוקער־קונסט איז געקומען פון יענע קרייזן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער היס־טאָריע פון אידישן בוך, וועלכע איז אויך אינטים פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון אידן און אידישקייט. „די געשיכטע פון אידישן בוך, זאָגט דר. י. מ. זאַלקינד ז"ל, איז כמעט אַזוי ראָמאַנטיש ווי די געשיכטע פון אידישן פאָלק. דיזעלבע קעפּ וואָס האָבן געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן נייע מיטלען ווי אַזוי צו מאַכן אוממעגלעך די עקזיסטענץ פון אידן האָבן אויך אומאויפהערלעך גע־טראַכט וועגן דער פאַרניכטונג פון אידישע ביכער. דאָס זעלבע אויג, וואָס האָט שפּיאָנירט און פאַרפאָלגט יעדן שריט און טריט פון דעם אידן ער זאָל ניט „פאַרפעסטן" די ריינע לופט פון די קריסטלעכע שטאָט־טיילן, האָט געהאַלטן אין איין צענזורירן און מעקן דעם אידישן ספר, כדי די „אומזיטלעכע און פאַר־דערבלעכע לערעס" פון אידישקייט זאָלן ניט פאַרגיפטן די הויכע און שיינע זיטלעכקייט אין וועלכער די קירכע האָט די קריסטלעכע געזעלשאַפט ערצויגן. די זעלבע האַנט, וואָס האָט געפייניקט און געמאַכט אַבלאַוועס אויפן אומגליק־לעכן, וואַנדערנדן אידן, האָט געהאַלטן אין איין מאַכן קאָנפיסקאַציעס אויפן אידישן ספר. און דיזעלבע פייערן וואָס האָבן געפלאַמט אויף די שייטערהייפנס פאַר דעם אידנ'ס גוף, האָבן אויך אין פאַריז, רוים און אין הונדערטער אַנדערע שטעט געפלאַקערט אויך פאַר זיין נשמה — פאַר זיינע ספרים.

„נאָך מער: דאָס אידיש בוך האָט אי מערער אי לענגער געליטן פונם אידישן פאָלק. דער איד פלעגט דאָך אָפט נוצן ברענגען דער קאַטאָלישער קירך, ווי אַ פאַרמיטלער, אַ הענדלער, אָדער באַנקיר (די קירך האָט זיך זייער אָפט גע־נוויטיקט אין געלט). אָבער וועלכן נוצן און וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט פאַר די גלחים געקענט האָבן די „פאַרדאָרבענע אידישע ליטעראַטור"? איז עס, אַלזאָ, אַ וואונדער, אַז די אידישע אינקונאַבלען זיינען אַזוי זעלטן?! נאָך די אַלע רדיפות וואָס דער אידישער ספר האָט דורכגעמאַכט, איז עס ממש אַ נס, וואָס ער איז בכלל פאַרבליבן נאָך אַן עקזיסטענץ פון 400־500 יאָר".

דאָס דערקלערט אונז שוין, למאי די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג מכח די ערשטע אידישע דרוק־ווערק איז אַזאַ וויכטיקער צווייג פון דער אידישער קול־טור־געשיכטע. דעם וויכטיקסטן פאַרדינסט פאַר דער דאָזיקער וויסנשאַפט האָט פּראָפעסאָר מאָריץ שטיינשניידער (1816־1907), דער פאָטער פון דער אידישער

ביבליאָגראַפיע. זיין ווערק (צוזאַמען מיט ד. קאַסעל) „אידישע טיפּאָגראַפיע און אידישער בוכהאַנדל" (ז. אונזער ביבליאָגראַפישע רשימה צום שלוס פון בוך) האָט פּראַקטיש אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער געשיכטע פון דער אידישער בוכדרוקעריי.

[5] זייער אינטערעסאַנט זיינען די צוויי קינסטלערישע שער־בלעטער פון אַט דער הגדה. מיר האָבן דאָ (זז. 78־79) רעפּראָדוצירט בלויז דעם צווייטן, וועלכער געפינט זיך אין מיטן בוך. ער האָט, ווי דער ערשטער טיטל־בלאַט, אַ ברייטע ראַם, און אין דער דרוק־פאָרם גופא איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ קליינע האַלץ־גראַווירונג. פון אויבן שטייט געדרוקט מיט גאָר גרויסע אותיות „שפוך". אין דער דאָזיקער גרויסאַרטיקער טיטל־בלאַט זעט מען קלאָר סיי דעם איינפלוס פון די אַשכנזי־שע (דייטש־אידישע) האַנטשריפטלעכע אָריגינאַלן, סיי פון דעם רייכן שטייגער פון אילוסטרירן, וואָס קומט פון די איטאַליעניש מדפיסים. איז דאָך פּראַג אין בעהמען געלעגן אויפן מיטן וועג צווישן דייטש־פּוילישן ישוב און די צוויי שטעט אין נאָרד־איטאַליע, סאָנטשינאָ און ווענעציע, וואו די אידישע דרוק־קערייי־קונסט האָט זיך אַזוי וואונדערלעך צעבליט אין סוף פון 15טן און אין דער ערשטער העלפט פון 16טן י״ה. אין אונטערשטן טייל פון שער־בלאַט איז פאָרגעשטעלט דער בעהמישער מלוכה־וואָפן, אַ לייב מיט צוויי עקן, אויף אַ שילד וועלכער ווערט געהאַלטן פון צוויי ווילדע. לעבן דעם שילד איז איין וויי־סער אות, אַ „ש" אויף שוואַרצן הינטערגרונט, הפּנים דער איניציאַל פון דעם קינסטלער־צייכנער, פון אויבן, רעכטס און לינקס פון שער־בלאַט, שטייען אָדם און חוה, ביידע האַלטן צו אַן עפּל אין דער האַנט. פון דער רעכטער זייט איז פאָרגעשטעלט שמשון הגבור, האַלטנדיק אונטערן לינקן אָרעם אַ שטאַטישן טויער. ער האָט אַ געשטאַלט פון אַ „לאַנדסקנעכט", פון אַ פּראָפעסיאָנעלן סאָלדאַט פון יענער צייט. אַנטקעגן אים, פון דער לינקער זייט בלאַט, זעען מיר יהודית. אין איר לינקער האַנט איז אַן אויפגעהויבענער שווערד, און מיט דער רעכטער האַלט זי דעם קאָפּ פון רשע הלופרנס, וועלכן זי האָט העלדיש ערמאָרדעט. דער קליינער האָלץ־שניט, וואָס איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דער טעקסט־טאָוול, לינקס פון אונטן, שטעלט פאָר אליהו הנביא, רייטנדיק אויף אַן אייזל. דאָס איז אַ בילדל וואָס פלעגט אין די צייטן פאַרן בוך־דרוק באַנוצט ווערן אָפט אין די אידישע אילוסטרירטע מאַנוסקריפּטן, און שפּעטער טרעפט מען אים אין אַ סך אידישע און העברעאישע דרוק־ווערק.




פון ת ה י ל י ם , געדרוקט אין נעאַפּאָל, 1487

# V

# דער אידישער דרוקער־אַרבעטער און די גראַפישע קונסט

ספרים און ביכער, וואָס קומען אַרויס פון די דרוק־פּרעסן, זיינען דער אַרבעט־פּראָדוקט פון שריפט־זעצער. דער זעצער איז דער הויפּט־אַרבעטער אין דרוק־וועזן. ביזן אָנפאַנג פון 19טן י"ה איז ביי אידן געווען אַ מנהג צו דערמאָנען אויף די געדרוקטע ספרים, צוזאַמען מיט די נעמען פון די מדפּיסים (דרוקער) און פאַרלעגער אויך די זעצער. אַלע זעצער, ווי די דרוק־אַרבעטער בכלל, פלעגט מען דעמאָלט רופן „עוסקים במלאכת הקודש", ד"ה די וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַ הייליקער אַרבעט. אַ דאַנק דעם דאָזיקן שיינעם מנהג, וועלכער האָט ביי גוים ניט עקזיסטירט, האָבן מיר איצט די מעגלעכקייט צו וויסן כאָטש וואָס עס איז, ווער די פּיאָנערן פון אידישן דרוק־פאַך זיינען געווען און פון וואַנען זיי האָבן גע־שטאַמט.

דער זעצער הייסט געוויינלעך אין די אַלטע אידישע גע־דרוקטע ספרים „מסדר אותיות", אָדער קורץ „מסדר". די העברע־אישע טערמינאָלאָגיע פאַר אַלע דרוק־פאַכלייט, ווי אַ מדפּיס (דרו־

קער) און אַ בעל־מגיה (קאָרעקטאָר), איז געבליבן אויך אין די ביכער, וואָס מען האָט געדורקט פאַר די ברייטע מאַסן אין „אידיש־דייטש". דער איינציקער אויסנאַם איז דאָס וואָרט „זעצער", וואָס פלעגט, פאַרקערט, אַריינגעשטעלט ווערן ניט זעלטן אין העברע־אישע ספרים, אַמאָל אין דער פאָרם פון „המסדר הנקרא בל"א (אשכנז) זעצער", און שפּעטער איז שוין אַריין אין געברויך דער געמישטער גוטמוטיקער ווערטל „הבחור הזעצער". די דרוקער־טערמינאָלאָגיע האָט זיך אויך איינגעבירגערט אין דעם רייסטער פון די געברויכלעכע ביי אידן פאַמיליען־נעמען, ווי דרוקער, זע־צער, שריפטגיסער, שריפטזעצער און אין אַזעלכע, ווייניגער פאַר־שפּרייטע פאַמיליען־נעמען, ווי מדפיס, לעטעריס, טיפּאָגראַף א. אַז. וו.

איבער די ערשטע זעצערס גיבן אונז די גאַנץ אַלטע דרוק־ווערק זייער ווינציק אינפאָרמאַציע. ס'איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז אַ סך פון זיי זיינען געווען גויים אָדער משומדים. ס'איז היסטאָריש פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז מאַנכע פון די ערשטע קריסטלעכע זע־צערס האָבן זיך שפּעטער מגייר געווען. אַ צווייטע אינטערעסאַנטע קולטור־געשיכטלעכע דערשיינונג איז דער פאַקט, אַז פרויען פלעגן אין די אַמאָליקע צייטן זעצן ספרים. מערסטנטיילס זיינען דאָס געווען די פרויען און טעכטער פון די דרוקערס גופא. נאָך אין יאָר 1627 איז אין פּראָג, ביים זאַץ־קאַסטן געווען פליסיק באַשעפ־טיקט אַ פרוי, גיטל ,די טאָכטער פון ר' לייב „זעצער", וועלכער האָט דאָרט געהאַט אַן אייגענע דרוקעריי. מאַנכע זעצערס זיינען אַליין געווען באַדייטענדע געלערטע, וואָס האָבן ניט זעלטן געשריבן ספרים. דער באַרימטער פאַרוואַלטער פון באָמבערגס דרוקעריי אין ווענעציע, ישראל (קאָנרעליוס) אַדעלקינד, ווערט אין מאַנכע ספרים אָנגערופן „מסדר ומגיה". דער איבערזעצער פון גאַנץ תנ"ך אין אידיש, יוסף וויצנהויזן, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזן זיין ווערק אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1679 אין עטית'ס פאַרלאַג, איז געווען אַ זעצער און קאָרעקטאָר אין דער דרוקעריי פון אָט דעם באַרימטן בוך־פאַרלעגער און מדפיס. דער דאָזיקער דרוקער־אַר־בעטער האָט זיך אַלזאָ קונה־שם געווען ביי אידן אויף שטענדיק ווי איינער פון די ערשטע איבערזעצער פון דער העברעאישער ביבל אין מאַמע־לשון. אָבער דאָס איז ניט געווען זיין איינציקע ליטע־ראַרישע שאַפונג: ער האָט אויך אַרויסגעגעבן דעם „אַרטור־ראָ־מאַן", איינער פון די ערשטע „אידיש־וועלטלעכע" ווערק, אין

דרוק־פֿאָרם פֿון אַ האַנטשריפֿטלעכער קאָפּיע, וועלכע איז וואַרשיינ־
לעך צו אים אין די הענט אַריינגעפֿאַלן (י. צינבערג, „געשיכטע
פֿון ליטעראַטור ביי יידן", ב. 6, ז. 68, 158 א. אַנ.).

וואָס גרעסער די דרוקעריי איז געווען, אַלץ גרעסער איז גע־
ווען די פּערזענלעכקייט פֿון די „מגיהים", ד. ה. קאָרעקטאָרס",
וועלכע זיינען געווען אין איר אָנגעשטעלט. אַ גאַנצע ריי פֿון ערשט־
קלאַסיקע גדולים זיינען, במשך פֿון פֿיר הונדערט יאָר כסדר, פֿון די
צייטן פֿון דעם קריסטלעכן דרוקער באָמבערג אין ווענעציע ביז צו
דער נאָך איצט טעטיקער באַרימטער דרוקער פֿירמע פֿון דער
„אלמנה און ברידער ראָם" אין ווילנע, זיינען געווען לויט זייער
פּרנסה קאָרעקטאָרס אין גרויסע דרוקערייען פֿון ספרים. אַ סך פֿון
זיי האָבן געשריבן באַמערקונגען, הערות, צו די ספרים, וואָס האָבן
זיך געפֿונען ביי זיי אין האַנט. דער באַרימטער גראַמאַטיקער, ר'
אליהו בחור, וועלכער האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט ביי באָמבערגן
ווי אַ קאָרעקטאָר, איז געווען באַרימט אין דער גרויסער אייראָפּע־
אישער וועלט, און דער קעניג פֿון פֿראַנקרייך האָט אים אָנגעבאָטן
אַ פּראָפֿעסאָר־שטעלע אין דער פּאַריזער אוניווערזיטעט.

וועגן אונזערע נענטערע טיפּאָגראַפֿיש־טעכנישע פֿאָרגענגער,
די דרוקער־אַרבעטער פֿון פּוילן און ליטע, האָבן מיר קנאַפּערע
ידיעות. כמעט אַלע פֿאַקטן וואָס מיר ווייסן וועגן זיי און וועגן
זייער לעבן ביזן סוף פֿון 18טן י"ה, ד. ה. ערב דעם אָנפֿאַנג פֿון
דער מאָדערנער עפּאָכע, שטעלן פֿעסט דעם פֿאַמיליען־כאַראַקטער
פֿון דרוקער־פֿאַך ביי אידן, ד. ה. דער איבערגאַנג פֿון דער מלאכה
פֿון די טאַטעס צו די קינדער. אַ צווייטער היסטאָריש־באַוויזענער
וויכטיקער כאַראַקטער־שטריך אין דער אַנטוויקלונג פֿון אָט דעם
פֿאַך ביי אידן זיינען די וואַנדערונגען פֿון די אַרבעטער און, איינ־
איינעם מיט זיי, אויך פֿון דער דרוק־מלאכה און קונסט ביי אידן.
אָט די וואַנדערונגען ציען זיך פֿון גאַליציע און וואָלין קיין מאַזאָוויע
(אַרום וואַרשע), און פֿון דאָרט קיין ליטע (גראָדנע און ווילנע)
און רייסן (שקלאָוו א. אַנד.), און פֿון דאָרט וויט קיין צפֿון און דרום,
אַזש ביז פּעטערבורג און אָדעס. צו דער אַמאָליקער דרוק־פֿאַך
קענטניש האָט אויך געהערט די מלאכה פֿון צוגרייטן שטאַמפּס
(פּאַנטשעס) און אויסקלאַפּן מאַטריצן פֿאַר שריפֿט. דאָס מיינט, אַז
יעדער גוטער דרוק־אַרבעטער האָט אין דערזעלבער צייט אויך
געמוזט זיין אַ שריפֿטגיסער. און גראָד אויף אָט דעם געביט זיי־
נען די אידן ווייזט אויס געווען פּיאָנערן, מיט אַ יאָר 150 צוריק,

אין די פויליש־רוסישע לענדער. אין דער שטעטל סאָקאָל אין גאַ־ליציע, למשל, האָבן אין 18טן י״ה געלעבט עטלעכע משפחות אי־דישע שריפטגיסער, וועלכע זיינען געווען באַוואוסט ווייט און ברייט ווי אויסגעצייכנטע פאַכלייט. צוויי סאָקאָלער אידן, אַ פאָטער און אַ זון, זיינען אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה פאַרבעטן געוואָרן דורך דעם באַוואוסטן באַזיליאַנער קלויסטער אין פּאָ־טשאַיעוו (וואָלין) אויסצופירן דאָרט אַלערליי גיסערישע און אַנ־דערע טעכנישע אַרבעטן פאַר דער קלויסטער־דרוקעריי. איינער פון זיי האָט פאַר אַ באַזונדער באַלוינונג זיך אונטערגענומען אויס־צולערען צוויי גלחים צו גיסן שריפטן. שפּעטער איז איינער פון די סאָקאָלער שריפטגיסער, ר׳ נחום, געבראַכט געוואָרן קיין גראָד־נע, דאָרט צו גרינדן דעם אידישן דרוק־וועזן. זיין זון איז געווען, ווי פריער דערמאָנט, זימל טיפּאָגראַף, דער שפּעטערדיקער מיט־באַזיצער פון דער פירמע ראָם אין ווילנע.[1] די הויפּט־אַרבעטער פון דער דערנאָך באַרימט־געוואָרענער ווילנער דרוקעריי האָבן, על כן, געשטאַמט פון גאַליציע, בעת דער שריפט און די פּרעסן זיינען געקויפט געוואָרן אין צענטראַל־פּוילן — ביים קריסטלעכן דרוקער פון ספרים יאָהאַן אַנטאָן קריגער אין נאָווידוואָר, ביי וואַרשע. די ערשטע אידישע זעצערס אין ווילנע, מיט אַ יאָר 130 צוריק, זיי־נען אַלע געווען פון דער פרעמד: דריי פון גראָדנע, איינער פון שקלאָוו, צוויי פון פּוילן, וואו ס׳זיינען שוין, ווי מיר ווייסן במשך פון אַ פּאָר הונדערט יאָר געווען גרויסע אידישע דרוקערייען (קראָקע, לובלין א. אַנד.).

און אין סוף פון 19טן י״ה האָבן ווידער די וואַנדערנדיקע אי־דישע דרוקער־אַרבעטער, על פּי רוב די זין פון פויליש־ליטווישן אידנטום, אַריבערגעבראַכט זייער מלאכה און קונסט צו נייע צענטרען פון אידישן בוך־דרוק, ווי אַמעריקע און ארץ־ישראל. און ווען אין דער ווייטער, קאַלטער פּעטערבורג איז, אין יאָר 1903, צוזאַמען מיט דער גרינדונג פון דער טאָג־צייטונג „דער פריינד״, באַשאַפן געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פון דרוק־וועזן ביי אידן, האָבן אַלטע ווילנער דרוק־אַרבעטער, אַנגעזאַפּט מיט דער טראַדיציע פון דער דאָרטיקער „עבודת הקודש״, ווי למשל דער „פריינד״ מעטראַנפּאַזש („ברעכער״, ד. ה. צוזאַמענשטעלער פון די צייטונג־זייטן) משה קנאָרינג ז״ל, געהאָלפן איינפונדעווען די טעכניק פון אידישן דרוק־וועזן אין יענער נייער פאַר זיי, פּעטערבורגער סביבה.

וועגן ר׳ משה קנאָרינג, דערציילט מאיר קאַסטאָף, וועלכער האָט אויך אין יענע יאָרן געאַרבעט אין דער „פריינד״ דרוקעריי אין פעטערבורג, אַט וואָס: „קנאָרינג איז געווען דער הויפּט־מעט־ראַנפּאַזש אין „פריינד״, ווען איך האָב דאָרט געאַרבעט. ער, קנאָ־רינג, האָט נאָך פריער געאַרבעט אויפן „המליץ״ 25 יאָר, איידער ער איז געקומען צום „פריינד״, און ער האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם ערשטן זעצער־פּערסאָנאַל אין פעטערבורג פאַר אַן אידישער טעגלעכער צייטונג — פון די אַריבערגעבראַכטע זעצער פון ווילנע און וואַרשע — וועלכע האָבן אין אָנהויב געזעצט אידיש מיט נקודות, אַזוי ווי ס׳איז געווען געזעצט אַן אַלטמאָדישער טייטש־חומש, אָבער גאַנץ גיך האָט מען עס פאַרביטן אויף זעצן מיט „האַלבע נקודות״ אויף איין און דערזעלבער שורה. (ווייל, ווי שוין פריער דערמאָנט, מען האָט דאַן באַשטעלט ספּעציעלע אותיות, ווי „אלף״, „עין״, „יי״ א. אַז. וו., מיט די נקודות געגאָסן אינאיינעם מיטן בלייענעם אות). אַט דער משה קנאָרינג (וואָס האָט צענד־ליקער יאָר אָפּגעאַרבעט אין פעטערבורג) פלעגט דערציילן, ווי אין די ערשטע יאָרן, אַרבעטנדיק אויפן „המליץ״, בעת אין פעטער־בורג האָט מען ניט געקענט קריגן קיין אידישן זעצער צוליב „פּראַ־וואָזשיטעלסטוואָ״, פלעגט ער דאַרפן לערנען רוסישע זעצער — אמת׳ע גויים — צו זעצן העברעאיש. און אַ סך פיינע אַנעקדאָטן פלעגט ער זיך אָנדערציילן וועגן דער דערפאַרונג זיינער״ (מאיר קאַסטאָף ווילנער דרוקער־פאַראיין יובל בוך, 1936, ז. 72).

און דאָ זאָל אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין דער ערשטער רו־סישער רעוואָלוציע (1905־1904) האָבן די דרוקער־אַרבעטער און זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואו אויך די אידן האָבן אין מערב־רוס־לאַנד געהאַט אַ סך פאַרטרעטער, געשפּילט איינע פון די אָנפירנ־דיקסטע ראָלעס. שטענדיק איז דער דרוקער־פאַך פאַררעכנט געווען ווי דער באַוואוסטזיניקסטער, מוטיקסטער און פּראָגרעסיווסטער טייל פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט, ממש דער אַוואַנגאַרד פון רעוואָ־לוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס ווי ס׳דערציילן וועגן דעם די יובליי־ביכער פון די דרוקער־אַרבעטער פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון ווילנע און וואַרשע.

עס זיינען געווען אין די לעצטע 120 יאָר אַ סך אידישע דרו־קערייען אין ווילנע, אַט דער הויפּט־צענטער פון דעם רוסיש־אידישן פאַרלאַג־ און דרוק־וועזן, אָבער די אַנטוויקלונג פון אי־דישן דרוקער־פאַך, פון אידישן זעצער, איז געווען אַמענגסטן פאַר־

בונדן מיט ראָם׳ס דרוקעריי, די גרעסטע און טעטיקסטע פון אַלע ווילנער דרוקן. דאָרט פלעגן די אַרבעטער צענדליקער יאָר כסדר אַרבעטן ביי די פּרימיטיוויסטע באַדינגונגען — זייער לאַנגע שטונדן פאַר קליינע שכירות.[2] אַ זייער בילדלעכע כאַראַקטעריסטיק פון דעם אַמאָליקן דרוק־אַרבעטער אין ווילנע האָט געגעבן א. ליטווין (ש. הורוויטש), וועלכער איז אין זיינע איינגסטע יאָרן אַליין גע־ווען אַ זעצער. ער שרייבט: „וואָס האָט, אייגנטלעך, אַמאָליקע צייטן ראָם׳ס אַ מענטש באַדאַרפט? אין דערזעלבער בלעכענער קאַפּאָטע, אַ מין „טשאַרטאָווע קאָזשע", וואָס האָט זיך ניט געקנייטשט, נאָר געבויגן און געבראָכן, איז ער אַפּגעגאַנגען זיין גאַנץ לעבן; די פּושקע שמעק־טאַבאַק מיטן רויטן שנופּטוך איז שטענדיק געלעגן אין קעשענע; אַז ווייב און קינדער זאָלן ליידן הונגער איז ער שוין געווען צוגעוואוינט: ס׳איז דאָך אַ גאָט־זאַך, און טאָמער פלעגט קומען גאָר שלעכט פלעגט ער פאַרבייסן מיט אַ פּסוק, מיט אַ ווערטל פון דער גמרא. אַ למדן איז ער געווען, אַ הייליקע אַרבעט האָט ער געאַרבעט — פלעגט ער זיך נאָך האַלטן גרויס און יחסנ׳דיק, וואָס ער איז „ראָמ"ס אַ מענטש". כמעט אַלע ווילנער דרוק־באַלעבאַטים זיינען ראָם׳ס געוועזענע אַרבעטער".

היינט, ביי אונזער הויך־אַנטוויקלטער דרוק־טעכניק, איז אונז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי פּרימיטיוו ס׳איז אָוועקגעשטעלט געווען די ביכער אויסאַרבעטונג ביי אידן אין די פריערדיקע צייטן, אפילו נאָך דאָ ניט לאַנג, ווען אונזערע זיידעס און טאַטעס האָבן געלעבט. לאָמיר אַביסל באַקאַנט ווערן מיט אונזער פאַך־געשיכטע, כדי מיר זאָלן קענען אָפּמעסטן דעם גרויסן מהלך פון אונזער טעכ־נישן פאָרטשריט במשך פון צוויי־דריי דורות. קודם כל, דאַרף מען געדענקען, אַז הונדערטער יאָר כסדר פלעגן אַלע ביכער גע־דרוקט ווערן אויף הילצערנע פּרעסן, אויפן שטייגער פון די וואָס ווערן עד היום באַנוצט ביי קליינע בוכבינדער, אָדער ענלעך צו די איצטיקע פּרעסן, וואָס מען ציט אויף זיי אָפּ די קאָרעקטעס. דאָס איז אַזוי געווען אין ווילנע ביז מיט אַן 80 יאָר צוריק. אָט וואָס עס שרייבט וועגן דעם דער היסטאָריקער פון דער אידישער דרו־קער אַרבעטערשאַפט אין ווילנע, א. פרידקין.

ביי די הילצערנע פּרעסן האָבן (ביי ראָמ׳ען) געאַרבעט ספּעציעלע מענטשן, וואָס האָבן געהייסן „פּרעסן־ציער". עס האָבן דעמאָלט געאַרבעט ביי אַ 25 פּרעסן־ציער אויף 3 פּרעסן. אַלע 25 פּרעסן־ציער פלעגן אָפּאַרבעטן 5 טויזנט עקזעמפּלאַרן פון איין זייט. אויף אַזאַ אופן פלעגט אָפּדרוקן אַ תנ"ך אָדער

אַ מדרש געדויערן אַ האַלבן יאָר, אָדער אַ יאָר צייט. די פּרעסן־ציִער פלעגן אַרבעטן דורך טאָג און דורך נאַכט. בייטאָג פלעגן זיי זיך צולייגן אויף אַ פּאָר שעה, און כדי ניט צו פאַרשלאָפן, פלעגן זיי ליגן אויף אַ שמאָל און האַרט ברעטל.

שפּעטער ווערן שוין איינגעפירט אייזערנע פּרעסן, וואָס איז געווען אַ גרוי־סער פּראָגרעס, האָט אָבער צו קיין ממשות'דיקע רעזולטאַטן ניט געבראַכט (דאָס הייסט אין באַצוג צו אויסבעסערן די אַרבעט־קאָנדיציעס פון די דרוק־אַרבעטער).

אין די 60ער יאָרן ווערן שוין איינגעפירט דרוק־מאַשינעס, און דאָס ברענגט צו אַ גאַנצער איבערקערעניש אין דער דרוק־אינדוסטריע. עס ווערט מעגלעך אַרויסצולאָזן אַ סך שנעלער אַ ספר אויפן מאַרק; מען קען דעריבער אַרויסלאָזן אַ סך ספרים און קאָנקורירן מיט אַנדערע דרוקערייען. מ'דאַרף אָבער נעמען אין אַכט, אַז די מאַשינעס זיינען דעמאָלט ניט געטריבן געוואָרן דורך עלעקטרישער קראַפט, נאָר דורך מענטשלעכע הענט. פריער זיינען געווען ספּעציעלע פּרעסן־ציִער, און איצט זיינען געוואָרן ספּעציעלע מאַשין־דרייער, וואָס מען האָט רעקרוטירט פון די פּרעסן־ציִער, וועלכע זיינען געבליבן אָן אַרבעט. חוץ דעם פלעגן פאַר דרייערס אָנקומען געפאַלענע באַלעבאַטים, אידן לומדים וואָס פלעגן זיך שעמען פאַרנעמען אָפּן מיט אַ מלאכה, אָבער אין אַ פאַרמאַכטער שטוב האָט זיי ניט געאַרט. די מאַשין־דרייערס זיינען געווען אַזוי פלינק אין זייער אַרבעט, אַז זיי פלעגן דרייען פונקט אַזוי שנעל ווי אַ מאָטאָר.

קיין אידישע מאַשיניסטן זיינען נאָך ניט געווען, האָט מען דעריבער די ערשטע צייט אַראָפּגעבראַכט דייטשן, וואָס האָבן גענומען צו 30 רובל אַ וואָך, אַ גוואַלדיקער פּרייז פאַר יענע צייטן. אין מאַשין־שטוב האָבן דעמאָלט געאַרבעט 5־6 אַרבעטער. דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון ראָמ'ען האָט דעמאָלט באַטראָפן אַרום 30 מאַן.

סוף די 70ער יאָרן ווערט ביי ראָמ'ען איינגעפירט סטעראָטיפּ. איינצושטעלן דעם סטעראָטיפּ האָט מען ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט אַ דייטש, ווייל אין גאַנץ ווילנע האָט די אַרבעט קיינער ניט געקענט. דער ערשטער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט פון דעם דייטש צו מאַכן אידישע מאַטריצן, איז געווען ראָמ'ס אַ זעצער, וועלוול אייכער.

די דאָזיקע איינפירונג איז געווען די צווייטע (די ערשטע — די אייזערנע מאַשינעס) איבערקערעניש אין דרוק־וועזן און האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע באַ־דייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון פאַך. אָבער צוליב דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די אַרבעטער האָט זי אַרויסגערופן אַ גרויסע מורא: מען האָט זיך פאַר דעם אויפטו שטאַרק געשראָקן, די אַרבעטער זאָלן ניט בלייבן אָן ברויט (מען וועט ניט דאַרפן זעצן קיין פרישע אויפלאַגעס, נאָר פשוט דרוקן פון מאַטריצן...).

מיטן אויפקום פון סטעראָטיפּ איז מעגלעך געוואָרן צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן מכח איבערדרוקן אין אַ נייער אויפלאַגע, און אין אַ גרויסן פאָרמאַט דערצו, דעם גרויסן ש"ס (תלמוד בבלי). און אין די 80קער יאָרן טרעט מען־צו צו דער דאָזיקער אַרבעט, און עס הויבט זיך אָן אַ גאָר גרויסע אויפלעבונג אינם גאַנצן דרוקער־פאַך. עס ווערן געשטעלט צו דער אַרבעט אַ מאַסע אַרבעטער. אין אַלע אָפּטיילונגען פון דער דרוקעריי גייט אַוועק אַ קאָכעדיקע אַרבעט.

**די אַרויסגעבער האָבן אַזוי באַשריבן צום סוף פון ש״ס דעם דאָזיקן פּעריאָד:**

„אויפן ש״ס האָבן געאַרבעט איבער 100 אַרבעטער, 14 קאָרעקטאָרס, אויסערדעם פיל אויפזעער און אָפּלעגער. 7 דרוקמאַשינעס האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. ס׳איז ניטאָ קיין שיעור צו דער האָרעוואַניע, ניטאָ קיין סוף צו דער מי און ניטאָ קיין גרענעץ צו די געלט, וואָס די מי שלינגט איין״.

**דאָס דרוקן פון ש״ס האָט געדויערט 6 יאָר צייט, פון 1880 ביז 1886, און איז געווען דער גראַנדיאָזסטער אויפטו וואָס אַ אידישער בוך־פאַרלאַג פון ספרים האָט ביז דעמאָלט באַוויזן. בלויז ביי די באַדינגונגען פון דער דעמאָלדיקער שקלאַפן־אַרבעט איז עס געווען מעגלעך. עס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן נייע דרוקמאַשינעס, וואָס זיינען געווען באַדינט פון 40 מאַשיניסטן, הילףמאַשיניסטן און לייגער אין אַן אומאויפהערלעכער אַרבעט.**

**און דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז אין יענער צייט זיינען נאָך קיין זעץ־מאַשינען ניט געווען. דער מאָנומענטאַלער ווילנער ש״ס אין 12 בענדער מיט אַ סך פּירושים, דער שענסטער פּראָדוקט פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע אין 19טן י״ה, איז דורך און דורך געזעצט געוואָרן מיט דער האַנט. ערשט ווען די דיזאָקע אונטערנעמונג איז פאַרענדיקט געוואָרן, אין יאָר 1886, איז, ווי מיר האָבן שוין געשריבן אין פאַריקן קאַפּיטל, אַריין אין געברויך דער לאַינאָטאַיפּ, ערפונדן פון א. מערגענטהאַלער, און ס׳האָט זיך געעפנט אַ נייַ בלאַט אין דער געשיכטע פון דרוק־וועזן.**

**לויט דער שיינקייט, קלאָרקייט און ריינקייט (פּעלערלאָזיקייט) פון אירע דרוק־אַרבעטן האָט ראָמ׳ס דרוקעריי שטענדיק פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ ביי אידן ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אפשר אין גאַנץ אייראָפּע. די עסטעטישע פיינקייט פון די באַצירונגען, ווי שער־בלעטער און אַנדערע טיפּאָגראַפישע אָרנאַמענטן, האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם גרויסן אידישן ווילער קינסטלער־גראַווירער אבנר גריליכיש, אַ גאָר זעלטענער פאַלקסטימלעכער טאַלאַנט פון סקולפּטאָר מרדכי אַנטאָקאָלסקיס שניט (און ווי ער אויך אַ זון פון ווילנער געטאָ). גריליכיש האָט אין יאָר 1875 פאַרלאָזן ווילנע און האָט זיך באַזעצט אין פּעטערבורג, וואו ער איז געוואָרן דער הויפּט־גראַווירער און מעדאַליער פון דער רוסישער מלוכה־מינצעריי. דורך זיינע אויסגעצייכנטע אַרבעטן (באַרעליעפן, מאַדעלן, מטבעות, א. אַז. וו.) איז גריליכיש באַרימט**

געוואָרן ווי איינער פון די גרעסטע גראַווירער אין רוסלאַנד. אויך זיין זון, אברהם גריליכיש, איז געווען אַ באַרימטער גראַווירער־מעדאַליער. ער האָט שוין געענדיקט די פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע און האָט אויך לאַנג געאַרבעט ביי דער מלוכה־מינצעריי.

ווילנע האָט לאַנג אָנגעהאַלטן די רעפּוטאַציע פון אַ גאַר גרויסן דרוק־צענטער פון דער אידישער וועלט. פּונקט ווי אין דעם 19טן י״ה האָט דער פאַרלאַג פון „האלמנה והאחים ראָם״ פאַרזאָרגט די גאַנצע אידישע וועלט מיט ספרים, וואָס זיינען געווען גוט און פאַרנעם געדרוקט, פלעגט אין 20טן י״ה דער „ווילנער פאַרלאַג״ פון ב. קלעצקין, וואָס איז געוואָרן דער צענטראַלער פאַרלאַג פון אידיש־וועלטלעכע ביכער, פלעגט דער דאָזיקער פאַרלאַג לייגן אַ היפּש ביסל אַכט אויף דער טיפּאָגראַפישער זייט פון אידישן בוך, און די דרוק־ווערק פון אָט דעם גוט־באַוואוסטן פאַרלאַג האָבן אין אַ געוויסער מאָס זיך אויפגעהויבן איבערן טיפּאָגראַפישן דורכ־שניט פון היינטצייטיקן אידישן אָדער העברעאישן בוך. און ס׳פאַר־שטייט זיך, אַז די דאָזיקע דערגרייכונגען פון דער ווילנער אידישער טיפּאָגראַפיע זיינען מער פון אַלץ דער רעזולטאַט פון די פאָלגנדיקע צוויי אומשטענדן. פון דער גוטער פאַך־אַרבעט פון אידישן דרוק־אַרבעטער, פון זיין ליבע און פאַרערונג צו דער טראַדיציאָנעלער אידישער „מלאכת הקודש״ פון בוך־דרוק פון איין זייט, און פון דער לאַנגער, אומאונטערבראָכענער טראַדיציע פון גוטע דרוק־מייסטער אין איין־איינציקן לאָקאַלן צענטער, פון דער צווייטער זייט. דאָס איז אַמאָל שוין געווען דער פאַל מיט ווענעציע און שפּעטער מיט אַמסטערדאַם, און צולעצט — מיט ווילנע.

צום אומגליק האָט די וועלט־מלחמה חרוב געמאַכט, צוזאַמען מיט אַלע קולטור־פּאָזיציעס פון ווילנער אידנטום, אויך דעם דאָר־טיקן דרוק־וועזן. די ראָלע פון ווילנער אידישן דרוק־אַרבעטער און גראַפיקער איז שטאַרק געפאַלן. און פונדעסטוועגן ליגט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּויליש־אידישע גרויסע שטעט, דאָך אַ צייכן פון אַ גרעסערער טיפּאָגראַפישער מייסטערשאַפט און פיינקייט אויף די ספרים און ביכער, וואָס קומען איצט פון ווילנע, דער אַמאָליקער „ירושלים דליטא״ (אויך אָט דער נאָמען קומט, וואָרשיינלעך, פון דער ריזיקער פּראָדוקציע פון ספרים און ביכער אין ווילנע אין 19טן י״ה) און דעם היינטיקן צענטער פון אַזעלכע קולטור־ און פאַרלאַג־אונטערנעמונגען ווי דער „אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט״ א. אַז. וו.

נייע, קלענערע צענטערן פון דער אידישער בוך־דרוקעריי אין מזרח־אייראָפּע זײנען געשאַפן געוואָרן אין דער נאָך־מלחמה צייט, ווי, צום ביישפּיל ריגע אין לאַטוויע, וועלכע איז איצט אגב, אַ וויכטיקער צענטער פון שריפטן־פּראָדוקציע פאַרן אידישן האַנט־זאַץ. אַן אָריגינעלע דערשיינונג שטעלט מיט זיך פאָר די טעטיקייט פון דעם דאָרטיקן אידישן דרוק־אַרבעטער יוליוס פריד־מאַן. ער האָט אויף זיך גענומען די שווערע מיסיע צו אָרגאַניזירן פאַך־קורסן פאַר זיינע קאָלעגן, אידישע דרוקער־אַרבעטער. ליידער איז דאָך אָפט פאַר אידן פאַרשפּאַרט דער צוגאַנג אפילו אין די עלעמענטאַרע פאַך־שולן פון דרוקעריי, שוין גאָרניט צו ריידן פון די העכערע דרוקעריי־קונסט שולן, וואָס מען געפינט זיי איצט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. יוליוס פרידמאַן, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַ טעאָרעטישע און פּראַקטישע דרוקער־שול אין דייטשלאַנד, האָט אַליין אָפּגעדרוקט עטלעכע בראָשורן אין אידיש וועגן טעכנישע פאַך־פּראָבלעמען, ווי „אָפּישן זאַץ", „אַנאָנסן־זאַץ", „נייע צייטונג־געשטאַלט" א. אַנד. אויך מאַכט י. פרידמאַן עקספּעריי־מענטן מיט די אַלטע טיפּאָגראַפישע מאַטעריאַלן (ליניעס א. אַז. וו.) פאַר נייע און אָריגינעל־גייסטרייכע דעקאָראַטיווע עפעקטן, ווי פאָרטרעטן א. ד. גל. אָט די יחידישע פּראָבעס צו פאַרפולקאָמען און מאָדערניזירן אַן אַלטע אידישע מלאכה, וועלכע איז נאָך אַלץ ביי אונז אידן אַזוי אָפּגעשטאַנען פון די נייע באַגריפן און פאַך־סטאַנדאַרדן, ווירקן געוויס ווי אַ גוטער ביישפּיל אויך פאַר אַנ־דערע אידישע דרוקער־אַרבעטער. זיין ברודער אברהם פרידמאַן, אַ זעצער, געפינט זיך, ווי אַ זאַמלער פון פיינע דרוק־אַרבעטן, אין אַ שטענדיקער פאַרבינדונג מיט אידישע דרוקער און קולטור־טוער איבער דער וועלט, כדי אויף זיין שטייגער מיטצואַרבעטן אין דער אויפלעבונג פון דער אידישער דרוקעריי־קונסט.

אויך די אידישע דרוקער־אַרבעטער אין וואַרשע, אין דער גרעסטער אידישער קהלה אין אייראָפּע, גיבן אָפּ אַלץ מער אינטע־רעס און ענערגיע דער פאַרפולקאָמונג און פאָרטשריט פון זייערע פאַך־קענטענישן. די שפּורן פון אַזאַ פאַרלאַנג און מי זעט מען אפילו אויף דער פיינער געשטאַלט פון זייער פאַך־זשורנאַל „דער דרוקער אַרבעטער", וועלכער שטייט, לויט זיין אויסזען און טי־פּאָגראַפישער פאָרם, ווייט איבערן דורכשניט פון די איבעריקע געווערקשאַפט־זשורנאַלן ביי אידן.

אפילו אין ארץ ישראל, וואו די הויפּט־ענערגיע פון יונגן

ישוב גייט אַוועק אויף דער שווערער פּיאָנערן־אַרבעט אין פעלד און פאַבריק און זעלבסט־פאַרטיידיגונג, שטרעבן די אידישע דרוקער־אַרבעטער צו אַ פאַרפולקאָמונג און קינסטלערישער פאַרפייערונג פון זייער מלאכה און פאַך־קענטעניש. דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאַן פון דער דרוקער טרייד־יוניאָן אין פּאַלעסטינע אונטערן נאָמען „מחיי הדפוס" גייט דאָרט אַרויס אין אַ זעלטן שיינער, און פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלן זשורנאַל אומגעוויינלעך געשמאַקפולער, פאָרם. חוץ דעם גיט דער פאַראיין אויך אַרויס פון ציט צו צייט אַ ביילאַגע — „הוד הדפוס" (דרוקער פראַכט), וועלכע גיט זיך ספּעציעל אָפּ בלויז מיט די פראַגן פון בוך־אויסאַרבעטונג קונסט בכלל און מיט דער אידישער טיפּאָגראַפיע בפרט. אין דער פראָפעסיאָנעל־טעכנישער „מאַקס פיין שול" אין תל אביב איז שוין דאָ אַן אָפּטיילונג פאַר דעם דרוקער־פאַך, און איר ווערן געמאַכט אינטערעסאַנטע עקספּערימענטן צו פאַרפולקאָמען אויפן מאָדערנעם אופן די דרוק־טעכניק אין ארץ־ישראל, אַ לאַנד וואָס איז שוין אויסגעוואָקסן צו אַ גרויסן דרוק־ און פאַרלאַג־צענטער אין דער אידישער וועלט און וואַקסט נאָך מער און מער.

דאָס זיינען אַלץ קלאָרע ראיות וואָס קענען באַווייזן ווי דער אידישער דרוקער־אַרבעטער, וואו ער זאָל ניט זיין און ווי שווער אים זאָל זיך ניט לעבן, שטרעבט איצט צו אַ קולטורעלער באַרייכערונג און אַ טעכנישער פאַרפולקאָמונג אין זיין פאַך. ער וויל, און אויף אַן אויפריכטיקן און באַוואוסטזיניקן אופן, אויסברייטערן זיין גייסטיקן האָריזאָנט, פאַרטיפן זיין קולטורעלן פונדאַמענט, אַריינגעמענדיק אין זיין אינטערעסן־קרייז אַלע פראָבלעמען, וואָס האָבן נאָר אַ שייכות צו דער פילזייטיקער און אַזוי פאַרשידנאַרטיקער מלאכה און קונסט פון בוך־דרוק און בוך־אויסאַרבעטונג. לאָמיר האָפן אַז אָט די פרעכטיקע טענדענץ וועט אין די איצטיקע שווערע צייטן פאַרן אידישן פאָלק ניט אָפּגעשוועכט ווערן דורך דעם מבול פון ליידן און פּיין. זאָלן אין דער נייער, גליקלעכער עפּאָכע פאַר דער מענטשהייט, צו וועלכער מיר אַלע גאָרן, זיך פאַנאַנדערלאָזן אין פרעכטיקע בלומען און פרוכט די זאָמען פון טיפּאָגראַפישער פאַרבעסערונג וואָס זיינען אין די לעצטע יאָרן פאַרפלאַנצט געוואָרן.

# באַמערקונגען

[1] דער דרוקער זימל טיפּאָגראַף איז, ווי זיין פֿאָטער ר׳ נחום, געווען פֿריער אַן אַרבעטער, אַ שריפטגיסער. זיין אַרבעט איז פון באַוואוסטן פּוילישן היסטאָריקער לעלעוועל אָט אַזוי כאַראַקטעריזירט געוואָרן: „עס האָט קיין זאַך ניט געפעלט דער גוטער קוואַליטעט פון זימל׳ס (פּוילישע) שריפט, וועלכע האָט זיך געקענט פאַרגלייכן מיט די בעסטע אין אייראָפּע. אַ גלאַטער, אַ לייכטער צום אָוועקשטעלן, כמעט שטענדיק גלייכער, האָט אָט דער שריפט אפשר ניט געהאַט קיין גרויסן רייץ, אָבער ער פאַרמאָגט אַ פיינע שאַטירונג און אַן אומגעצוואונגענע פּשטות. און גלייך שיין איז אויך זימל׳ס לאַטייניש שריפט, פּונקט ווי דער העברעאישער און דער רוסישער". (ציטירט ביי פנחס קאָן אין זיין אַרטיקל „די התחלה פון אידישן דרוק־וועזן און די ערשטע אידישע זעצער אין גראָדנע און ווילנע" אין יובל־בוך „30 יאָר פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין דרוקער־אַרבעטער אין ווילנע" (1906־1936), ז. 17, באַמערקונג 34.

[2] וועגן איינעם פון די ערשטע זעצער פון ראָמס דרוקעריי, ישראל הערש יאָכעלסאָן, דערציילט ש. הורוויטש (א. ליטווין) אָט וואָס. בעת דער זעצער איז אָנגעקומען צו ראָמען האָט מען אים גערופן „ישראל־הרשקע". אין 10־15 יאָר אַרום האָט ער באַקומען 3 רובל אַ וואָך און מען האָט אים גערופן, „ישראל־הערשל", אין 30 יאָר אַרום האָט ער באַקומען 5 קאַרבן אַ וואָך שכירות און מען האָט אים שוין גערופן האַלב מיט דרך ארץ „ישראל־הערש". אין 60 יאָר אַרום האָבן אים די אייניקלעך פון זיינע ערשטע באַלעבאַטים דערלייגט ביז 7 רובל אַ וואָך און אים גענומען רופן ר׳ ישראל־הערש. און דער איצט עלטסטער אין ווילנע דרוקער־מאַשיניסט, שמואל קאַמערמאַכער, דערציילט, אַז זיין טאַטע האָט אָפּגעאַרבעט אַ לעבן ביי ראָמען פאַר 2 רובל אַ וואָך. (זעט יובל־בוך פון ווילנער פּראָפעס. דרוקער־אַרבעטער פאַראיין: 1906־1936, ז. 22).

זייער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער אַטמאָספער אַרום דעם דרוקער־פאַך און דער פאָלקס־שטימונג אין רוסלאַנד מיט אַ יאָר 40־50 צוריק זיינען די פאָלגנדיקע צוויי־דריי עפּיזאָדן, וועלכע ס׳האָט לעצטנס איבערגעגעבן אין דרוק־פאָרם אַן אַלטער ווילנער זעצער, ש. קאַהאַן.

„ר׳ ישראל הערש יאָכעלסאָן האָט אָנגעטאָן אַ קראַגן מיט אַ מאַנישקע און אַ שניפּס איין מאָל אין זיין לעבן — אויף גוטענבערגס 500־יאָריקן יובילײ, וואָס איז געפייערט געוואָרן אין ווילנע (אין 1897). אַלע דרוק־באַלעבאַטים זיינען דאַן געקומען מיט זייערע אַרבעטער אויפן באַל אין זאַל „ערמיטאַזש", וואו עס איז אויך געקומען דבורה ראָם מיט אירע זעצערס און האָט געלעגט אַ קראַנץ אויף גוטענבערג׳ס ביוסט. ר׳ ישראל הערש איז געגאַנגען גלייך נאָך איר אין דער לאַנגער קאַפּאָטע. ביים טיש האָט ר׳ ישראל הערש, נאָכן נעמען אַ טרונק וויין, זיך געקושט מיט אַ העכערן מיליטער־מאַן פון דער שטאַב־דרוקעריי און געשריען די עטלעכע ווערטער, וואָס די זעצער האָבן אים אויסגעלערנט:

„יאַ שעסטדעסאַט ליעט !“

דערמיט האָט ער געמיינט אַז ער אַרבעט שוין זעכציק יאָר ביי די ראָמס. מער קיין רוסיש האָט ער ניט געקענט.

דער באַל לכבוד די 500 יאָר זינט גוטענבערג׳ס געבורט האָט זיך, אין איינקלאַנג מיט די שטרעמונגען און געפילן פון יענער עפּאָכע, ערב דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנער דעמאָנסטראַציע. נאָך דער רעדע פון ווילנער הויפּט־צענזאָר, אַז די זעצער דאַרפן זיין גליקלעך, וואָס זיי איז אויסגעפאַלן דער גורל צו פאַרשפּרייטן ליכט אויף דער וועלט, איז אַרויס מיט אַ פלאַמיקער רעדע דער מיטאַרבעטער פון דער ווילנער רוסישער צייטונג („סעווערא־זאַפּאַדנאַיע סלאָוואָ“) מינאָר :

„מיר, די ליכט־פאַרשפּרייטער, האָט ער געזאָגט, זיינען מיט קייטן געשמידט צו דער אַרבעט. וויפיל פון אונז זיינען ביים פאַרשפּרייטן דאָס ליכט געבליבן אָן הענט, אָן לונגען, אָן אויגן !

דאָס איז, אַלזאָ, דער צווייטער טשיקאַווער עפּיזאָד אויף יענעם היסטאָרישן גוטענבערג־באַל אין ווילנע. און אָט איז נאָך אַ דריטע געשעעניש, וואָס איז דאָרט פאַרלאָפן — בעת מינאָרס רעדע האָט דער שיקאינגל פון ראָמ׳ס אָפיס, יונה, צעשאָטן אין זאַל פּראָקלאַמאַציעס.

מינאָר איז שפּעטער, לויט דער פאַראָרדנונג פון ווילנער גענעראַל־גובערנאַ־טאָר, אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין סלוצק, מינסקער גובערניע. (ז ווילנער דרוקער־פאַראיין יובל־בוך, 1906־1936, ז. 47).

[3] ציטירט פון א. פרידקינ׳ס אויספירלעכן אַרטיקל „צו דער געשיכטע פון דער אידישער דרוקער־אַרבעטער באַוועגונג אין ווילנע“, אין יובל־בוך פון וויל־נער דרוקער־אַרבעטער פאַראיין (1906־1936), זז. 22, 24 און פאָלג.



וויניעטקע פון די אידישע דרוקערייען
אין פּוילן, אין 18טן י״ה



פון לובלינער ז ו ה ר , 1623

# VI

# אידישע בוך־דרוקעריי און בוך־גראַפיק אין אַמעריקע

ראָמאַנטיק און דראַמע פילן אָן, ווי מיר האָבן געזען, די געשיכטע פון דעם אידישן בוך־דרוק אין אייראָפּע. אין אַמעריקע, ווי דער שטייגער, איז די אַנטוויקלונג געגאַנגען אויף אַ גאַנץ אַנדערן, אַ פּראָזאַאישן און ניכטערן וועג. אין איין באַציאונג איז יאָ דאָ אַן ענלעכקייט: אַזוי ווי אין אייראָפּע, איז אויך ביי אונז, דאָ אין אַמעריקע, דאָס ערשטע דרוק־ווערק אין בוך־פאָרם געווען אַ פאַרקערפּערונג פון אַן אומשטערבלעכער שאַפונג פון דעם אידישן גייסט. דאָס איז געווען דער Bay Psalm Book געדרוקט אין קעמברידזש, מאַסס., אין יאָר 1640. פון אים זיינען ביז איצט פאַרבליבן בלויז אַרום צען קאָפּיעס, וועלכע רעכענען זיך פאַר די גרעסטע בוך־אַנטיקן אין דער וועלט.

דאָס דאָזיקע ווערק, דער ערשטער בוך וואָס די ענגלישע קאָלאָניסטן האָבן אָפּגעדרוקט אין זייער נייער היים, איז געווען אַן ענגלישע איבערזעצונג פון ספר תהילים. די פאָררעדע אַנטהאַלט אין זיך די ערשטע אָפּהאַנדלונג וועגן דער העברעאישער פּאָעזיע און שפּראַך (די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן דירעקט פון

העברעאישן אָריגינאַל) געדרוקט צו ווערן אין דער וועסטלעכער העלפט פון דער וועלט מיט אירע צוויי קאָנטינענטן, אַמעריקע און אויסטראַליע. אין בוך ווערן באַנוצט העברעאישע געדרוקטע בוכשטאַבן פאַר ווערטער אין ענגלישן טעקסט און איינצלנע אותיות, ווי למשל אין קאַפּיטל תהילים קי"ט, וואו אַלע פּסוקים גייען נאָכן אלף־בית. אין יענער צייט איז נאָך אין אַמעריקע קיין העברעאישער דרוק־שריפט ניט געווען, האָט מען די העברעאישע בוכשטאַבן ספּעציעל געשניטן אין האָלץ פאַרן דאָזיקן בוך.

זינט דעם יאָר 1735 האָט מען אין אַמעריקע געדרוקט גע־ציילטע ווערק מיט העברעאישע בוכשטאַבן, ווי סידורים, טיילן פון תנ"ך א. א. וו. דער ערשטער בוך, וואָס איז אָפּגעדרוקט גע־וואָרן אין אַמעריקע, אַ ספר'ל פון 128 זייטן, איז געווען אַ פּירוש אויף „פּרקי אָבות", פון יהושע פאַלק בן מרדכי הכהן, מק"ק קאָרניך. דער ספר'ל האָט געהייסן „אבני יהושע".

ער איז דערשינען אין ניו יאָרק אין יאָר תר"ך (1860), גע־דרוקטביים דרוקער יוסף בן יעקב. אין סוף פון בוך זאָגט דער „בחור הזעצער", (נפתלי בן כתריאל שמואל מק"ק טהאָרן), אַז צו זעצן דאָס בוך איז פאַר אים געווען אַ הייליק שטיק אַרבעט. ערשט אין דער לעצטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, מיטן אָנקום פון די גאָר גרויסע מאַסן מזרח־אייראָפּעאישע אידן, איז גוואַלדיק אויס־געוואָקסן די אידישע דרוק־טעטיקייט און פּראָדוקציע פון העברע־אישע און אידישע ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן. אין יאָר 1877 איז אַרויס אין ניו יאָרק אַ לידער־ביכל פון יעקב־צבי סאָבעל „ישראל דער אַלטער", אין אידיש און העברעאיש. (דער העברעאישער טיטל איז געווען „שער זהב"). אָט דאָס ביכל פון 32 זייטן, געדרוקט ביי מ. טאָפּאָלאָווסקי, ניו יאָרק, רעכנט זיך פאַרן ערשטן ליטעראַרישן דרוק־ווערק אין אידיש דאָ אין אַמע־ריקע.

אויב מיר אין אַמעריקע קענען זיך דערווייל נאָך ניט באַרימען (ווייל מיר זיינען נאָך אַלעמען דער אינגסטער אידישער מאַסן־ישוב אין דער וועלט) מיט דער קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון אונזער בוך־דרוק פּראָדוקציע, איז אָבער אַ גרויסע דערגרייכונג אויף אָט דעם געביט דאָס, וואָס מיר, אַמעריקאַנער אידן, האָבן די רייכסטע קאָלעקציעס פון געדרוקטע ספרים און אידישע ביכער און האַנט־שריפטן (מאַנוסקריפּטן) אין גאָר דער וועלט. און דאָס צו דער־גרייכן האָט מען געקענט אַ דאַנק די היגע גרויסע גבירים־קאָלעק־

ציאָנערן פון די אידישע דרוק־אַנטיקן און ענערגישע ביכער־זאַמלער און בוכפּאַרקויפער. איינער פון די גרעסטע צווישן זיי איז געווים געווען אפרים דיינאַרד (1846־1930), אַן אידישער אי־מיגראַנט פון קורלאַנד — אַ העברעאישער שריפטשטעלער, רייזנ־דער און געלערטער. מיט זיין גרויסער ענערגיע און ליבע צום בוך האָט ער אַ סך יאָרן כסדר געזוכט און דערוואָרבן טייערע בוך־אַנטיקן און מיט דעם געהאָלפן אויפצובויען אַזעלכע גרויסע אידישע ביבליאָטעקן, ווי די סעמיטישע אָפּטיילונג פון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אין וואַשינגטאָן, פון דער „פּאָבליק לייברערי" און פון דעם שעכטער־סעמינאַר (אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר) דאָ אין ניו יאָרק, פון „היברו יוניאָן קאָלעדזש" אין סינסינעטי, א. אַז. וו. דיינאַרד האָט, אגב, צוזאַמענגעשטעלט אַ ביבליאָגראַפישן בוך, אַ רשימה, פון די ביכער און ספרים וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַמעריקע מיט אידישע אותיות זינט 1735. אָט דאָס בוך פון אפרים דיינארד רופט זיך „קהלת אמריקא", און איז געדרוקט גע־וואָרן אין סט. לואיס, אין 1926, אַ בוך פון 152 זייטן פון גרויס פאָרמאַט, מיט קרוב טויזנט אַיטעמס (נומערן) פון אידישע דרוק־ווערק. דער באַקאַנטער אַמעריקאַניש־אידישער בוך־זאַמלער און אַנטיקוואַריאַט־הענדלער, א. ס. וו. ראָזנבאַך, האָט אויך צוזאַמענגע־שטעלט אַ בוך מיט נעמען פון ביכער געדרוקט אין אַמעריקע פון אידן, אָדער וועגן אידן, אין די יאָרן 1640־1850. די דאָזיקע ביבליאָגראַפיע (געדרוקט אין די פּובליקאַציעס פון דער אַמערי־קאַניש־אידישער היסטאָרישער געזעלשאַפט) אַנטהאַלט 689 נומערן (ווייט ניט קיין פולער ליסט!) און האָט אַ סך אילוסטראַציעס וואָס ווייזן געוויסע טיפּאָגראַפישע שאַפונגען אין אַמעריקע במשך פון די צוויי הונדערט יאָר, וועלכע דער בוך פון ראָזענבאַך באַ־האַנדלט.

ווי מיר זעען, איז די אידישע טיפּאָגראַפיע אין אַמעריקע, דאָס מיינט דער בוך־דרוק מיט העברעאישע אותיות, ניט עלטער ווי קאַרגע אַכציק יאָר. און דאָך האָט שוין דער אידישער בוך־דרוק דורכגעמאַכט אין אַמעריקע אַ געוואַלדיקן פאָרטשריט, דער־הויפּט אין די לעצטע פופציק יאָר, אַדאַנק דער קאָלאָסאַלער פאַר־שפּרייטונג פון געדרוקטן אידישן וואָרט אין צייטונגען, ביכער, זשורנאַלן א. דגל. אויך האָבן מיר שוין אין אַמעריקע אַ סך גראַפישע קינסטלער אידן וואָס גיבן זיך אָפּ מיט די פּראָבלעמען פון דרוק און בוך־אויסאַרבעטונג. זיי אַרבעטן מערסטנס פאַר דרוק־ווערק

וואָס גייען אַרויס אין ענגליש און ניט אין אידיש אָדער העברע־איש. סאָל העס, למשל, איז דער קינסטלערישער אָנפירער פון דער לאַנסטאָן מאָנאָטאַיפּ מאַשין קאָמפּאַני אין פילאַדעלפיע. זיינע ענגלישע בוכשטאַב־פאָרמען באַזירן זיך אויף די וויכטיקסטע און פיינסטע שאַפונגען פון די אַמאָליקע צייטן. העס מאָדערניזירט זיי אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז זיי ווערן מייסטערווערק פון דרוק־שריפט, און דווקא אין אַ סטיל וואָס איז צוגעפּאַסט צו דער הייני־טיקער מאַשינאָווער זאַץ־ און דרוק־אַרבעט.

פון די אידישע קינסטלער אין אַמעריקע, וואָס זוכן צו שאַפן נייע סטילן פאַר אידישע דרוק־אותיות, וועלן מיר דאָ דערמאָנען ראובן ליף און מיטשעל לאוב. לאָמיר האָפן, אַז זייערע שאַפונגען, וואָס דינען דערווייל דערהויפּט דער בוך־אויסשטאַטונג און פאַרצי־רונג, ווי שער־בלעטער א. אַז. וו., וועלן מיט דער צייט קענען אָנגע־ווענדעט ווערן אויך פאַר דער באַשאַפונג פון אַ נייעם מאָדערנעם דרוק־שריפט פאַר טיפּאָגראַפיעס.

אַ ריי אידישע קינסטלער און בוך־אילוסטראַטאָרן האָבן שוין ביי אונז אין אַמעריקע היפּש ביי געטראָגן צו דער פאַרשענערונג און באַרייכערונג פון דעם אידישן בוך. ביז איצט האָבן בלויז גע־ציילטע אידישע פאַרלאַגן, ווי „מתנות" אין ניו יאָרק און ל. מ. שטיין אין שיקאַגאָ, געלייגט אַכט אויף אַ פיינערער און אַמאָל אפילו קינסטלערישער געשטאַלטונג פון זייערע אויסגאַבעס. דאָס צו טאָן איז פאַר זיי מעגלעך געוואָרן אַדאַנק דער מיטאַרבעטונג פון אַ צאָל אַמעריקאַניש־אידישע גראַפיקער און מאָלער, וואָס זיי־נען אגב שוין גוט באַקאַנט דעם אידישן עולם, בפרט דער לײדער צו קליינער צאָל פריינד און ליבהאָבער פון גוטן אידישן בוך. מיר וועלן דאָ בלויז דערמאָנען אַ ריי פון אָט־די אידישע קינסטלער, וואָס האָבן זיך פאַרדינט געמאַכט אויפן געביט פון בוך־אויסאַרבע־טונג: שאול ראַסקין, טאָדראָס געלער, א. גודלמאַן, ב. אַראָנסאָן, נאָטע קאָזלאָווסקי, יוסל קאָטלער ע"ה, זוני מאוד, י. פרידלענדער.

צום באַדויערן פעלן אונז נאָך דאָ אין אַמעריקע די רייפע קינסטלער־בוכדרוקער פון דעם אידישן בוך. איין אידישן קינסט־לער־דרוקער, יוסף אישיל, האָבן מיר שוין, אָבער ער שאַפט דער־ווייל בלויז ענגלישע ביכער, און דרוקט זיי אין זיין אייגענער מוסטערהאַפטער „פּריוואַטער פּרעס". אישיל האָט זיין פּרעס אין בוירקלי האַיטס, ניו דזשוירזי, וואו ער וואוינט, הגם די אַרבעט־טעג פאַרברענגט ער אין ניו יאָרק, ווי אַ האַרעפּאַשנער דרוקער־


כתבי

ח·נ·ביאליק

ומבחר תרגומיו

*

ארבעה ספרים

הוצאת חובבי השירה העברית

ברלין, תרפג

שער־בלאַט צו ביאַליק'ס ווערק

געצייכנט פון יוסף בודקא

פאַרגל. ז. 76. (העלפט פון אָריג. גרויס)

אַרבעטער. אישיל, אין דער פּריסטער יוגנט זיינער, אַ פאַרפאַלגטער אַרבעטער אין רומעניע, לעבט אָבער שוין אַ סך יאָרן דאָ אין אַמעריקע. צוזאַמען מיט זיין פרוי, ראָוז פרימאַן אישיל, גיט זיך אישיל אָפּ אין זיינע פרייע שטונדן מיט לייב און לעבן דער כּאַר אים ממש הייליקער מלאכה פון אַרויסגעבן, ד. ה. ניט בלויז דרוקן, נאָר אויך צוזאַמענשטעלן און רעדאַקטירן, גוטע, פיינע ביכער. שוין קרוב צוואַנציק יאָר ווי יוסף אישיל זעצט און דרוקט מיט דער האַנט אַלע זיינע אויסגאַבעס, ווי די קינסטלעריש־ליטע־ראַרישע אַנטאָלאָגיע „פרי ווּיסטאַס" (1טער באַנד אַרויס אין יאָר 1933, דער 2טער — אין 1937), אין וועלכער ס'באַטייליגן זיך אַ סך פון די גרעסטע קינסטלער־גראַפיקער (האַלצשניטן א. ד. גל.) פון פראַנקרייך, ענגלאַנד א. אַז. וו.; ווי אַנדענק־בענדער פון פּ. קראַפּאָטקין, די ברידער רעקליוס, אָפּשאַצונג פון העוועלאָק עליס א. ד. גל., וואו פריינד און פאַרערער פון אַט די פרייהייט־קעמפער דריקן אויס, אין וואָרט און בילד, זייער באַגייסטערטע צוגעבונדנ־קייט צו אָט די וועגווייזער און לערער. אויך אַ באַנד פון יוסף באַרשאָווער'ס ענגלישע ווערק (אָריגינעלע און איבערזעצטע דיכ־טונגען) האָט די „אַריאַל פּרעס" (אַזוי רופט זיך אישיל'ס פרי־וואַט־פּרעס) אָפּגעדרוקט. שוין עטלעכע צענדליק גרעסערע און קלענערע טיפּאָגראַפיש־קינסטלערישע ווערק האָט דזשאָזעף אישיל ביז איצט אַרויסגעלאָזן. אַלע זיינע שאַפונגען גייען ניט אַריין אין דעם געוויינלעכן בוך־האַנדל. זיי קומען אַרויס אין זייער באַ־שרענקסטע אויפלאַגעס (100־300 קאָפּיעס) און ווי „פּריוואַט־דרוקן" ווערן זיי קודם־כל צעטיילט צווישן די קינסטלער און שריי־בער וואָס העלפן זיי צוזאַמענצושטעלן. דער רעשט ווערט דאַן פאַרקויפט צו די מבינים פון פיינער בוך־אויסאַרבעטונג און צו די בעלנים וואָס ווילן באַרייכערן זייערע בוך־קאָלעקציעס מיט אָט די פּרעכטיקע פאַרקערפּערונגען פון יענע נאָבעלע אידייען וועלכע האָבן באַגייסטערט די בעסטע זין פון אַלע פעלקער און ראַסן, גע־וועקט אין זיי מוט, האָפנונג און ליבע צו דער מענטשהייט.

שוין ביים ערשטן רוף, מיט אַ יאָר צוויי צוריק, צו געבן זיין צייט און מי פאַר דער אויפלעבונג פון אידישן קינסטלערישן בוך־דרוק אין אַמעריקע, האָט דזשאָזעף אישיל גרייטווייליק אָנגענומען די דאָזיקע איינלאַדונג. און אויך ער וואָלט געוואָלט מיטווירקן אין דער ווידערגעבורט פון דער אידישער טיפּאָגראַפיע, וועלכע באַ־מערקט זיך היינט אין אַלע ווינקלען פון דער אידישער וועלט.

הלוואי זאָלן נאָר אַ סך פריינד פון אידישן בוך פאַרשטיין, אַז דורך אַזאַ קינסטלערישער פאַרפיינערונג פון דרוק־אַרבעט וואָלטן אין אונזער היגן אידישן קולטור־לעבן אַריינגעטראָגן געוואָרן די נייע שטראַלן פון גלאַנץ און פייערלעכקייט. אַלע וואָס קענען אישילס אַרבעט ווייסן, אַז ס'איז אַ טיפע גייסטיקע הנאה צו בלעטערן און צו פאַרטיפן זיך אין טעקסט און אין דער קינסטלערישער פאָרם פון די ווערק וואָס דער מוח און די צוויי הענט פון דעם איינציקן דרוקער־אַרבעטער פון דער קליינער „אָריאַל פּרעס" האָבן געשאַפן. אַזעלכע ווערק אין אידיש און העברעאיש וואָלטן געוויס אָנגעפילט מיט פרייד אַלע ליבהאָבער פון אידישן בוך, סיי די וואָס זעען אין אַ בוך דעם שאַרפסטן ווערקצייג פון מענטשלעכן גייסט און נאָך מער די, וועלכע שעצן דעם געדרוקטן בוך, דעם מיט אומענדלעכער און פולער ליבע געשאַפענעם דרוק־ווערק, דער עיקר ווי אַ פּראָדוקט פון דעם עסטעטישן טאַלאַנט און פון דער קינסטלערישער שאַפונג־קראַפט. [1]

ווי אין אַ סך לענדער פון דער אַלטער וועלט, וואו אידישע דרוקער־אַרבעטער זיינען געווען, ווי מיר האָבן געזען, פּיאָנערן פון טיפּאָגראַפישן פאָרשריט, זיינען אויך דאָ אין אַמעריקע אונזערע פאַך־אַרבעטער געווען פון די ערשטע צו זוכן טעכנישע פאַרפולקאָמונגען פון אונזער אידישן דרוק־וועזן. ווי אַ משל וועלן מיר נעמען די מאָנאָטאַיפּ־טעכניק פון מאַשין־זאַץ פאַר די אידישע און העברעאישע דרוק־ווערק. אין יאָר 1927 האָבן דריי ניו יאָרקער זעצערס — משה אַלפּעראָוויטש, אייזיק פאַרגאַמענט און מאיר קאַסטאָף געגרינדעט דאָ הי די „היברו מאָנאָטאַיפּ פּרעס", כדי אָוועקצושטעלן אויף אַ העכערער טעכנישער און עסטעטישער שטופע די אידישע טיפּאָגראַפישע אינדוסטריע. די אונטערנעמונג איז שפּעטער אַריבער אין אַנדערע הענט, אָבער די טעכנישע דערגרייכונג פאַר דער אידישער בוך־פּראָדוקציע אין ניו יאָרק איז פאַרבליבן. מיט אָט דעם „מאָנאָטאַיפּ" זאַץ איז, אגב, געדרוקט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק די גוט־באַוואוסטע יהואש תנ"ך איבערזעצונג אין אידיש. די דאָזיקע אויסגאַבע, הגם ניט פריי פון חסרונות אין עסטעטיש־טיפּאָגראַפישן זינען, איז דערוייל דאָך איינע פון די וועניקע פיינע דערגרייכונגען פון דער טיפּאָגראַפישער קונסט־מלאכה ביי אונז אין אַמעריקע, ספּעציעל וואָס איז שייך צום בעסערן בוך אין אידיש. [2]

פון אַ וויכטיקער קולטורעלער באַדייטונג פאַרן אידישן דרוק־וועזן אין אַמעריקע איז די „היברו פּרעס" פון דער „דזשואיש פּאָב־

ליקעישאַן סאָסייעטי אָוו אַמעריקע" (אידישע פאַרלאַגס־געזעל־שאַפט) אין פילאַדעלפיע. אַט דער געזעלשאַפטלעכער בוך־פאַרלאַג, מיט 5,400 מיטגלידער (אין 1937) איבערן לאַנד און אין אויס־לאַנד, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1888. זיין הויפּט־אויפגאַבע איז דעמאָלט פאָרמולירט געוואָרן אַט ווי: „אַרויסצולאָזן ביכער כדי דאָס אידיש פאָלק אין אַמעריקע זאָל ניט שטיין פאַראייניזאַמט און אַליין צווישן אַלע טיילן פון דער באַפעלקערונג און אַ ליטעראַ־טור, וואָס זאָל זיי (די אַמעריקאַנער אידן) פאַראייניקן". אינם האַלבן יאָרהונדערט פון זיין עקזיסטענץ האָט דער דאָזיקער פאַרלאַג אַרויסגעלאָזן אַ סך צענדליקער באַלערנדיקע און וויכטיקע ביכער אין ענגליש און העברעאיש. זינט 1920 האָט אַט די געזעלשאַפט אַן אייגענע דרוקעריי. אין די לעצטע יאָרן ווערן פון אַט דער „היברו פרעס" געמאַכט זאַץ־אַרבעטן חוץ אין ענגליש אויך אין אַ סך אַנדערע שפּראַכן, ווי העברעאיש און אידיש, גריכיש, לאַטיי־ניש, אַראַביש א. אַנד. זי שאַפט די קאָמפּאָזיציע פאַר די ווערק פון וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפטן, ווי צ. ב. די „אַמעריקען אָריענטאַל סאָסייעטי" א. אַז. וו., אוניווערזיטעטן, פאַך־געלערנטע און פאָרשער א. ד. גל. דער 4־באַנדיקער „אוצר פון דער העברעאישער פּאָ־עזיע" פון פּראָפעסאָר ישראל דאַווידזאָן, אַ קלאַסיש ווערק פון דער נייעסטער ליטעראַטור־פאָרשונג ביי אידן, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן פון דער „היברו פרעס" אויך זיינען פון איר אויסגעאַרבעט גע־וואָרן וויסנשאַפטלעכע ווערק, ווי ווערטער־ביכער פון די עלטסטע און ווייטסטע שפּראַכגעביטן, למשל, פיניקיש, אַראַביש א. אַז. וו. דאָרט געפינט זיך אויך אין דער אַרבעט די נייעסטע אויפלאַגע פון יהואש'ס אידישער תנ"ך־איבערזעצונג (העברעאישער אָרגינאַל און די אידישע איבערזעצונג זייט ביי זייט), וואָס ווערט געמאַכט פון דער „יהואש פאַרלאַג געזעלשאַפט" אין ניו יאָרק.

---

צוזאַמען מיטן גרויסן פאָרשריט פון דער גאַנצער בוך־פּראָ־דוקציע אין אַמעריקע אין די לעצטע 25 יאָר האָט אויך שטאַרק גע־שטיגן דער טיפּאָגראַפיש־טעכנישער און קינסטלערישער סטאַנ־דאַרד פון דער בוך־אויסאַרבעטונג ביי אונז אידן. אמת, קיין ספּע־ציעלע אידישע פאַכלייט פון בוך־אויסאַרבעטונג, די אַזוי־גערו־פענע „טיפּאָגראַפן", וואָס זאָלן שטענדיק זאָרגן פאַר דער פאַר־שענערונג און פאַראייז'עלונג פון אידישע ביכער, האָבן מיר דער־

ווייל ניט. אָבער פּשוט דורך איינפאַכער נאָכמאַכונג פון די בע־
סערע ניט־אידישע מוסטערן, האָט אויך די געשטאַלט פון מאָדער־
נעם אידישן און העברעאישן בוך אין אַמעריקע שטאַרק געוואו־
נען. זי איז היינט ווייט, ווייט אַוועק פון די סטאַנדאַרדס פון דער
פאַר־מלחמה צייט. לאָמיר זיך דאָ, בקיצור, אָפּשטעלן אויף עט־
לעכע בלויז זייטן פון אָט דעם טיפּאָגראַפישן פאָרשריט און מאַכן
אַ פּאָר גרעהעריקע אויספירונגען.

דאָס „זאַץ־בילד", די צוזאַמענשטעלונג און פאָרמע פון דעם
באַדרוקטן בוך־זייטל, האָט, אין אַלגעמיין גערעדט, אין די לעצטע
יאָרן שטאַרק זיך פאַרבעסערט אין עסטעטישן זינען. די ברייט־
קייט פון דער שורה איז בדרך הכלל רעדוצירט געוואָרן, כדי דאָס
אויג זאָל לייכטער קענען דעם דרוק אויפנעמען. מען פאַרשטייט
שוין אויך, אַז דער ווייסער שטח (לעדינג) צווישן די שורות איז
ניט נאָר וויכטיק פון דער עסטעטישער זייט, ווי אַ באַלאַנסירונג
פון ווייס און שוואַרץ אין זאַץ־בילד, נאָר ס'ווערט שוין פאַרשטאַ־
נען, אַז צו־געדיכטע שורות מאַכן שווערער פאַר דעם אויג צו גע־
פינען לייכט דעם וועג פון סוף פון דער אָפּגעלייענטער שורה צום
אָנהויב פון דער נעקסטער, פרישער שורה.

ווי אַ גרונד־באַדינגונג פון דער לייכטקייט און באַקוועמלעכ־
קייט פון לייענען האָט, פאַרשטייט זיך, די פאָרם פון דרוק־שריפט
אַן ערשט־קלאַסיקע באַדייטונג. יעדער גוטער, לעזבאַרער שריפט
דאַרף זיין פריי פון איבערפלייסיקע דריידלעך און פאַרצירונגען,
כדי ער זאָל זיך לאָזן לייענען שטונדנלאַנג אָן אַ באַזונדערס גרוי־
סער מי. די בעסטע שריפטן האָבן שטענדיק אַזאַ פאָרם, וואָס —
ווי מען דריקט זיך אויס — בלייבט אומבאַמערקט, ווייל זי לאָזט
זיך גרינג און שנעל אויפנעמען, ניט פאַרמאַטערנדיק די אויגן.
עס איז אָבער געוויס אויך געוואונטשן פון צייט צו צייט צו באַ־
נייען די געברויכלעכסטע שריפטן, אַרויסקומען מיט אַ נייעם „יוני־
פאָרם פאַר דער בלייענער אַרמיי", ווייל אַלע צו־לאַנג אָנהאַלטנ־
דיקע דרוק־שריפט פאָרמען ווערן, ווי שיין זיי זאָלן ניט זיין, אויך
„אָפּגענוצט", פּשוט, ווייל די מענטשן גאַרן נאָך דעם רייץ פון
אָפּוועקסלונג און באַנייאונג. נו, איז אין דער איצטיקער צייט, ווי
באַקאַנט, אַריינגעקומען אין אַמעריקאַניש־אידישן לאַינאָטאַיפּ גע־
ברויך די פון לאַנג שוין באַנוצטע אין אייראָפּע „פראַנק־ריהל
שריפט", אין וועלכער אויך דאָס איצטיק בוך איז געדרוקט. אָבער
ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, איז אָט דער שריפט, וועלכער

שטאַמט פון דייטשלאַנד פון יאָר 1910, ווייט פון אַ קינסטלערישער פּאָלקאָמקייט. דער שריפט האָט אין זיך געוויסע מעלות, ווי אַ שטייגער דער קלאָרער אונטערשייד צווישן „ד" און „ר", צווישן „ג" און „נ", א. אַז. וו. די אַזוי-גערופענע „ווערטיקאַלע באַטאָנונג", ד. ה. אַז די שטייענדיקע ליניעס פון אות זאָלן ניט זיין צו דין (אין געגנזאַץ צום פריערדיקן זייער פּאָפּולערן „ווינער שריפט", מיט זיינע גאַנץ דינע שטייענדיקע און גאָר, גאָר פעטע ליגנדיקע ליניעס), איז אויך אין אַט דעם שריפט בלא ספק אַ געוואונטשענער חידוש, אַ גרויסער שריט אין דער געהעריקער ריכטונג. די צרה איז נאָר, וואָס דער קינסטלער-שאַפער פון דעם שריפט, רפאל פראַנק ז"ל, האָט שוין צופיל „באַטאָנט" די ווערטיקאַלע, שטייענדיקע ליניעס. דערפון האָט זיך געגומען די אַלגעמיינע פעטקייט, דיקקייט אין שריפט, אַ מין מגושמ'דיקייט אָן די פיינערע, עלעגאַנטע וואַריאַציעס אין די אברים פון אות, און ס'קומט אַרויס אַ געוויסע מאָנאָטאָנקייט, וועלכע קען פאַרמאַטערן די אויגן. נעמט, למשל, די אַלטע פּראַגער שריפט, ווי די, וואָס מען האָט באַנוצט פאַר דער הגדה פון 1526, וואָס פון איר האָבן מיר רעפּראָדוצירט אַ פּאָר זייטן, און איר זעט גלייך, אַז די אותיות האָבן אַ „ווערטיקאַלע באַטאָנונג" און ניט אַלע שטייענדיקע ליניעס פון די בוכשטאַבן זיינען דין ווי אַ האָר, מאַנכע זיינען דיקלעך, און שטענדיק האַרמאָנירן די באַזונדערע טיילן פון אות צווישן זיך אין אַ זייער פיינעם עסטעטישן באַלאַנס צווישן די אברים פון יעדן איינציקן אות. דאָס איז אַ פּרינציפּ, וואָס שטייט אין איינקלאַנג מיט די מאָדערנע כללים פון טיפּאָגראַפיע. און דעריבער איז טאַקע געפּלאַנט געוואָרן דעם פיינעם סטיל פון דער „פּראַגער מרובע", מיט געוויסע קינסטלערישע און טיפּאָגראַפישע ענדערונגען, אויסצונוצן פאַר דעם נייעם, עסטעטישן און עלעגאַנטן העברעאישן דרוק-שריפטן, וואָס די דייטש-אידישע „סאָנטשינאָ געזעלשאַפט פון פריינט פון אידישן בוך" האָט פּראָיעקטירט צו לאָזן שניידן פאַר איר מאָנומענטאַלער ביבל-אויסגאַבע, ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל.

ריידנדיק וועגן שריפטן, מוז מען דאָ דערמאָנען, אַז ביי אונז אידן, אַרויסגעבער און דרוקער פון ביכער, איז דאָ אַ טענדענץ צוזאַמענצומישן צופיל פאַרשיידענע שריפט-פאָרמען גראָד דאָרט, וואו די רייכקייט פון אַלערליי פאַרשידענע שריפטן אויף איין זייטל שטערט דער עסטעטישער פיינקייט פון זאַץ-בילד. דאָס איז,

למשל, נוגע די שער־בלעטער פון אַ סך אידישע ביכער און בראָ־שורן. אָפט פאַסירט, אַז אויף איין טיטל־בלאַט טרעפן מיר 5—6 און נאָך מערער סאָרטן שריפטן, כמעט אַ באַזונדער מין שריפט פאַר יעדער געדרוקטער שורה. דאָס דאַרף אַזוי ניט זיין. דער ריכ־טיקער טיפּאָגראַפישער פּרינציפּ איז צו באַנוצן וואָס ווינציקער סאָרטן שריפט־טיפּן, אפשר צוויי אָדער דריי, אָבער יעדער פון אָט די פּאָר שריפטן קען און דאַרף זיין אין פאַרשידענע גראַדן (סאַיזעס); וויכטיקערע טיילן פון שער־בלאַט, ווי צ. ב., די טיטלען פון בוך א. אַז. וו., זעצט מען אין אַ גרעסערן טאַיפּ, און אַנדערע ווייניקער באַדייטנדע טיילן פון שער־בלאַט אין זעלבן סאָרט טאַיפּ, אָבער פון אַ קלענערן „סאַיז". דאָס, און ניט די רייכע קאָלעקציע פון אַלערליי אויפגעכאַפּטע און ניט „קרוב׳ישע" סאָרטן טאַיפּס, גיט צו אַ טיפּאָגראַפישע עלעגאַנץ און עקסטרא חן דער געדרוקטער זייט. אגב, מוז מען דאָ באַטאָנען, אַז די צו־געדיכט באַדרוקטע שער־בלעטער מאַכן שטענדיק אַן ערגערן קינסטלערישן עפעקט ווי די ווייניק־באַדרוקטע, ד. ה., די, אין וועלכע דער טעקסט איז ווי ווייט מעגלעך באַשרענקט אויף דאָס נויטיקסטע און וויכטיקסטע. דער שער־בלאַט איז ממש ווי געשאַפן פאַר געשמאַקפולע פאַרצירונגען פון יעדן גרעסערן דרוק־ווערק, דורך אַ בילד אָדער אָרנאַמענט; און דוקא דעריבער איז עס געוואונטשן צו מאַכן די „קאָפּיע" פון שער־בלאַט אַזוי קורץ ווי נאָר מעגלעך: דעמאָלט וועט בלייבן פּלאַץ פאַר די פאַרצירונגען פון טיטל־בלאַט. אוודאי, צופיל פאַר־צירונגען אויפן שער־בלאַט איז נאָך ערגער ווי גאָרניט. אַ פיינע פאַרצירונג פון טיטל־בלאַט, אפילו שוין דורך די האַנט־געצייכנטע אותיות פון דער טיטל־אויפשריפט פון בוך, איז באמת אַ גוטע סגולה צו פאַרשענערן דעם אויסזען, צו פאַראיידעלן דעם איינ־דרוק פון בוך, סיידן דער אינהאַלט און כאַראַקטער פון בוך פאָדערן אַ שטרענגערן, טרוקענעם אויסזען פון אַלע טיילן פון דעם דרוק־ווערק. עס קענען אפשר זיין מיינונג־פאַרשידנהייטן אין אָט די טיפּאָגראַפיש־עסטעטישע פראַגן; אָבער וואָס דאָ איז איבערגע־געבן געוואָרן, שטימט מיט די אָנזיכטן פון די בעסטע קונסט־מבינים און טיפּאָגראַפישע עקספּערטן.

נאָכדעם ווי די גוטע זאַץ־אַרבעט און זאַץ־בילד („ספּעיסינג" פון שורות א. אַז. וו.) וועט באַוואָרענען די לעזבאַרקייט פון טעקסט, איז פון דעם טיפּאָגראַפיש־קינסטלערישן שטאַנדפּונקט זייער וויכ־טיק אויפצופּאַסן דערויף, אַז די זייטן פון בוך זאָלן אַלע אַרויסקו־

מען גלייך שאַרף און קלאָר געדרוקט, מיט אַ גוטער שוואַרצער טינט פון אַן איינהייטלעכן קאָליר, און אַז די קראַפט פון אָפּדרוק (אימפּרעשאָן) זאָל זיין די זעלבע דורך דער גאַנצער לענג פון בוך־ווערק. דאָס צו דערגרייכן איז ווייט ניט פון די לייכטע טיפּאָ־גראַפישע אויפטוען, בפרט ווען אין טעקסט געפינען זיך, חוצן גלאַטן טעקסט, אויך אילוסטראַציעס, געדרוקט פון איין פּלאַטע מיטן טעקסט גופא. גוטע „פּרעס־אַרבעט" איז אַ פיל שווערערע מלאכה ווי אַ סך דענקען. [3]

דער אַלגעמיינער כלל פון טיפּאָגראַפיע, וועלכן מ'דאַרף שטענדיק אין זינען האָבן, איז דער, אַז צופיל „שיינקייט", צו־רייכע פאַרפּוצונגען און פאַרצירונגען, איז מער חסרון ווי מעלה. דער אַמאָליקער קינסטלעך־פאַרשענערטער „אָנגעשמינקטער" בוך איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. און וואָס די מאָדערנע צייט פאָדערט, איז שיינקייט דורך איינפאַכקייט און ערלעכקייט, מיט איין וואָרט: נאַטירלעכקייט. דאָס בוך און יעדער מין דרוק־ווערק איז קודם־כל אַ מיטל איבערצוגעבן די געדאַנקען פון פאַרפאַסער צום לייענער. און אויב אַלץ וואָס איז צו איז ניט גוט, איז געוויס שלעכט אָנצופּיקעווען אַ דרוק־ווערק מיט אַזוי פיל פּוץ און פּראַכט, אַז די געדאַנקען־קאָמוניקאַציע צווישן מחבר און לייענער ווערט במילא געשטערט, די אויפמערקזאַמקייט אָפּגעווענדעט און פאַרטאָן אויף נעבן־זאַכן. דער אייגנאַרטיקער חן פון טיפּאָגראַפיע, דער סוד פון יעדער פיינער דרוק־אַרבעט, ליגט אין דעם שפּיל פון שוואַרץ און ווייס, פון די דרוק־שריפטן אויפן הינטערגרונט פון ווייסן פּאַפּיר. דאָס איבעריקע, ווי געוואונטשן און ווילקאָמען דאָס זאָל ניט זיין, איז פאַרט בלויז אַ צוגאָב און דער בעסטער עפעקט וועט קומען פון דער עכט־קינסטלערישער מאָס און איינגעהאַלטנקייט. די שיינקייט פון אַ ריכטיקן זאַץ־בילד, פון דער באַדרוקטער זייטל בכלל, קומט ניט „לויט באַשטעלונג", קינסטלעך צוגעגרייט, נאָר פון אַ זייער ערנסטער, פלייסיקער און אויפריכטיקער באַציאונג פון דרוקער צו זיין מלאכה און קונסט. דאָס איז אַן אַרבעט־געביט, וואָס פאָ־דערט אומענדלעכע מי, געדולד און אויסדויער. ער גיט אָבער דעם אויפריכטיקן קינסטלער־דרוקער די טיפסטע באַפרידיקונג און געגנוגטואונג.

זאָלן מיר שטענדיק געדענקען, אַז וואָס די בוכדרוקעריי, פון וועלכער מיר וועלן שוין אינגיכן פייערן דעם 500־יעריקן יובילי, האָט געשאַפן, איז ניט סתם די מעגלעכקייט אויסצואַרבעטן וואונ־

דערשיינע ביכער. פרעכטיקע ביכער זיינען שוין געווען פון פריער, און טאַקע אין אויסערגעוויינלעך גלאַנצפולע עקזעמפּלאַרען. אין וואָס גוטענבערג׳ס גרויסער אויפטו איז באַשטאַנען, איז אַט וואָס: דרוקן פיינע ביכער אין גרויסע צאָלן און זיי צוגענגלעך מאַכן פאַר כמעט יעדן בירגער, סיי אָרים סיי רייך, ווי די גייסטיקע שפּייז פאַר די ברייטסטע מאַסן און ווי די אַמוניציע פון עכטן און אמת׳ן מענשלעכן פאָרטשריט. און וואָס ווייטער, ווערט אַלץ דייטלעכער און קלאָרער די גרויסע אויפגאַבע פון דער טיפּאָגראַפישער קונסט און אינדוסטריע — וואָס פיינער און פאַרנעמער צו מאַכן אַפילו די געוויינלעכסטע (לויט׳ן פרייז) ביכער.

און ווי האַלט עס אין אַט דעם פּרט מיט אונזער אידישער בוך־אויסאַרבעטונג? די צייט איז שוין געקומען, ווי מיר האָ־בען געוויזן, אויך ביי אונז אידן זיך אָפּצוגעבן ערנסטער מיט די צילן פון אַ ווידערגעבאָרענער דרוקעריי־קונסט, ד. ה. אויפצוהויבן הויך און העכער דעם סטאַנדאַרד פון בוך־אַרבעט ביי אידן. אַ צענטער פון פּלאַנמעסיקער אַרבעט אין אַט־דעם ענין, אַ מין סטודיע פאַר אידישע קינסטלער־בוכדרוקער, וואָלט זיכער געשאַפן פיינע מאָדעלן פון דרוק־אַרבייט, וואָס יעדער גוטער דרוקער וואָלט זיי אין זיין דרוקעריי נאָכגעמאַכט, ענטוועדער פון זיין טיפּאָגראַפישער פאַך־אַמביציע וועגן, אָדער ווייל די באַשטעלער וואָלטן עס געוואָלט האָבן. און די מדרגה פון געשמאַק ביים באשטעלער פון דרוק־אַרבעטן וואָלט אויך גלייך, טאַקע אונטערן איינפלוס פון געהויבענע מוסטערן, געשטיגן. און די דרוק־שריפטן פירמעס גופא וואָלטן אויך, אונטער דעם איינפלוס און ווירקונג פון די געהעכערטע טי־פּאָגראַפישע סטאַנדאַרדס ביי אידן, צוגעשטעלט אונז אַ קינסטלע־ריש בעסערן, פיינערן אידישן טיפּאָגראַפישן מאַטעריאַל פאַרן האַנט־און מאַשין־זאַץ. אַרום און אַרום וואָלטן מיר אויף אַזאַ וועג באַקומען אַ סך וויכטיקע פאַרבעסערונגען אין דער אידישער גראַפישער קונסט און דרוק־אינדוסטריע.

און ערשט דורך אַזאַ צענטער, אַ מין „אידישע געזעלשאַפט פאַר גראַפישער קונסט״, וואָלטן אויך מיר, אידן אין אַמעריקע, דער־גאַנגען צו אַ העכערער שטופע פון בוך־אויסאַרבעטונג, און וואָלטן זיך באַטייליקט אַקטיוו אין רענעסאַנס פון דרוק־וועזן אין דער אָרו־מיקער וועלט. די ווירקונג פון אונזערע אייגענע קולטור אוצרות וואָלט פאַרצענפאַכט געוואָרן — טאַקע דורך דער קינסטלערישער לייטערונג פון זייער טיפּאָגראַפישער פאָרם און געשטאַלט. דאָס גופא

וואָלט וואַרשיינלעך אַריינגעטראָגן אַ באַלעבונג אין דער אידישער בוך־פּראָדוקציע בכלל, וואָלט געעפנט נייע פעלדער פון שאַפונג און אַרבעט פאַר די דרוקער־אַרבעטער. און דערצו וואָלט דורך אַזאַ באַלעבונג פון אונזער ליטעראַטור און קונסט זייער דערציערישער איינפלוס זיך מער פאַרשפּרייט און פאַרטיפט אין אידישן גייסטיקן לעבן דאָ און איבעראַל.

# באַמערקונגען

[1] די דרוקער־טעטיקייט פון דזש. אישיל געהערט צום געביט פון די אַזוי־גערופענע „פּריוואַטע פּרעסן", און ניט פון די קאָמערציעלע דרוקערייען, וועלכע זיינען איצט די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער טיפּאָגראַפישער אינדוסטריע. קליין אין צאָל און ראָלע אויפן מאַרק פון דרוק־אַרבעטן, האָבן אָבער אָט די פּריוואַט־דרוקער אַ זייער גרויסע באַדייטונג פאַרן טעכניש־קינסטלערישן סטאַנ־דאַרד פון דער גאַנצער דרוק־אינדוסטריע, און אָט פאַרוואָס. אין דרוקעריי־אַרבעט איז שטענדיק דאָ אָרט, עס פאָדערט זיך שטענדיק צו געבן צייט און מי פאַר אַלערליי עקספּערימענטן און פּראָבעס מיט שריפטן און אַנדערע טיפּאָגראַ־פישע מאַטעריאַלן. פאַרן געוויינלעכן דרוקער זיינען אָט די עקספּערימענטן אַ צו טייערער, לאַנגדויערנדיקער און ריזיקאַלישער ענין. קען ער דעריבער באַ־קומען פרישע אָנרעגונגען, זען פיינע מוסטערן בלויז פון איין איינציקן מקור — פון דער „פּריוואַטער פּרעס", וועלכע קען און מעג דרוקן, מיט דער האַנט אָדער מאַשין, וואָס זי וויל, ווען זי וויל און ווי זי וויל. דער אומשטערבלעכער פאַר־דינסט פון וויליאַם מאָריס (1838־1896) און פון אַלע גוטע פּריוואַט־דרוקער נאָך אים, איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיי האָבן דערוועקט און אויפגעהאַלטן דעם זעלבסט־רעספּעקט, דעם אינטערעס, און די פאַר־אַמביציע פון די בעסערע קאָמער־ציעלע דרוקערייען. אין די לעצטע 40־50 יאָר האָבן אומצייליקע דרוקער־פירמעס איבעראַל אָפּגעלערנט פון מאָריסן, און פון אַנדערע דרוקער־קינסטלער, די תורה פון דער געשמאַקפולער דרוק־מייסטערשאַפט. עס מוז נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז דער אַלגעמיין פאַרשפּרייטער מאַשין־זאַץ און די מאָדערנע דרוק־פּרעסן האָבן זיך אינצווישן געוויזן פעאיק אַרויסצוגעבן זייער פיינע, טעכניש פולקאָמע דרוק־אַרבעטן, ניט ערגער אפשר פון די וואָס די בעסטע האַנט־דרוקערייען זיינען בכח צו שאַפן, און די דרוקער־קאָסטן זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַרקלענערט געוואָרן, באַזונדערס פאַר גאַנץ גרויסע אויפלאַגעס.

[2] ס'איז אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט, וואָס אילוסטרירט ווידער די ראָלע פון ראָמ'ס דרוקעריי־טראַדיציעס אינם וואוקס און פאַרשפּרייטונג פון טיפּאָגראַפישן פאָרטשריט ביי אידן אין גאָר דער וועלט, אַז צוויי פון אָט די דריי פּיאָנערן, אַלפעראָוויטש און קאָסטאָף, האָבן שוין אַמאָל געאַרבעט אין ראָמ'ס באַרימטער ווילנער דרוקעריי (ז. מ. קאָסטאָפ'ס אַרטיקל „פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע: אַ קאַפּיטל זכרונות", איז דער זאַמל־שריפט, „50 יאָר לעבן: מאיר קאָסטאָף —

דער בחור הזעצער״, אונטער דער רעדאַקציע פון ג. פּאָמעראַנץ, ניו יאָרק, 1935).

[3] אינטערעסאַנט איז צו דערמאָנען אַזאַ פאַקט. אָפט ווערן, דאָ אין אַמעריקע, געמאַכט קאָנקורסן און אויסשטעלונגען פון די פיינסטע טיפּאָגראַפישע ווערק, ווי „די 50 פיינסטע ביכער פון יאָר״ (אַראַנזשירט דרוך דער „אַמעריקאַנישער געזעלשאַפט פאַר גראַפישער קונסט״ א. אַז. וו.). ס׳שטעלט זיך אַרויס, אַז ס׳ווערן מערער פיינגעדרוקטע ביכער פאַרוואָרפן אין אָט די קאָנקורסן מחמת שלעכטער פּרעס־אַרבעט ווי מחמת וועלכער ניט איז אַנדערער אורזאַך.



פון חיבורי הלקט, 1641




פון איוב, געדרוקט אין נעאַפּאָל, 1487

# VII

# דער אידישער שריפטזעצער און דער צייטונג־דרוק אין אַמעריקע

ווי מיר ווייסן שוין, האָט מען דאָ אין אַמעריקע באַנוצט אידישע דרוק־שריפטן פונם טאָג אָן, ווען ס'איז אַרויס, אין יאָר 1640, דאָס ערשטע גע־דרוקטע בוך, דער תהילים אין ענגליש, אַרויס־געגעבן פון אַ קריסטלעכן פאַרלאַג אין ניו־ענגלאַנד. אויך שפּעטער האָבן אַ סך קריסט־לעכע פאַרלעגערס אַרויסגעגעבן ביכער, וואָס אין זיי האָט מען אַריינגעשטעלט העברעאישע ווערטער און גאַנצע זאַצן. אין 19טן יאָרהונדערט, ווען דער אידישער ישוב דאָ אין לאַנד האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, האָט מען אַרויסגע־געבן סידורים און מחזורים מיט גאַנצע זייטן אין העברעאיש. ביז די 70ער יאָרן איז די העברעאישע דרוקעריי אין אַמעריקע נאָך אַלץ געווען באַשרענקט אויף געוויסע סאָרטן דרוק־ווערק, דער־הויפּט פון רומל־כאַראַקטער (סידורים א. ד. גל.). אידישע דרוקע־רייען פאַר אַלערליי טיפּאָגראַפישע אַרבעטן — דזשאַב־דרוקעריי, ביכער און צייטונגען — דאָס האָט זיך אָנגעפאַנגען ביי אונז אין אַמעריקע ערשט מיט אַ יאָר 65 צוריק, אין אָנהויב פון די 70ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט.

דעם 30טן מערץ, 1870, האָט אָנגעהויבן אין ניו יאָרק אַרויסצוגיין די ערשטע אין אַמעריקע צייטשריפט אין אידיש —

„דיא ידישע צייטונג", אַדויסגעגעבן פון י. ק. בוכנער, אַן אי־
מיגראַנט פון פויזן, פרייסן. אָפיציעל איז דאָס געווען אַ וואָכנ־
שריפט, פאַקטיש פלעגט די צייטונג דערשיינען פון צייט צו
צייט, עטלעכע מאָל אַ יאָר. דער לעצטער נומער, וואָס איז פאַר־
בליבן ביז אויף היינטיקן טאָג, איז דאַטירט 31טער אָקטאָבער,
1873. מען ווייסט ניט, צי די צייטונג, וואָס איז געשטיצט גע־
וואָרן פון טעמעני האָל, איז אונטערגעגאַנגען אין יאָר 1873, אָדער
ניט. אַ פאַקט איז, אַז פון די שפעטערדיקע נומערן, אויב זיי זיינען
אַפילו געווען, איז קיין שפור ניט פאַרבליבן. דער וויכטיקסטער
אומשטאַנד, וועלכער דאַרף אונז פון שטאַנדפונקט פון טעכניש־
טיפּאָגראַפישן אַנטוויקלונגס־גאַנג און דער אידישער אַמעריקע
אינטערעסירן, איז אָט וואָס. די ערשטע אידישע צייטונג אין
אַמעריקע איז געדרוקט געוואָרן ליטאָגראַפיש. וואָס זיינען גע־
ווען די אורזאַכן פון דעם דאָזיקן אומשטאַנד? עס איז מעגלעך,
אַז ס'האָט בכלל ניט עקזיסטירט דעמאָלט אין ניו יאָרק קיין אי־
דישע דרוקעריי, וואָס זאָל טעכניש זיין אומשטאַנד צו דרוקן אַ
וועכנטלעכע צייטשריפט מיט אידישע אותיות. עס איז אויך מעגלעך,
אַז ס'זיינען קיין אידישע זעצערס ניט געווען. העכסט־וואָרשיינלעך
האָבן געווירקט ביידע אורזאַכן, ד. ה., אין ניו יאָרק איז דאַן נאָך
ניט געווען גענוג אידישע דרוק־שריפט, און עס זיינען געווען
אפשר בלויז געציילטע אידישע און העברעאישע זעצערס (ווי מיר
האָבן געזען איז דאָך אין יאָר 1860 שוין אַרויס דאָ אין ניו יאָרק
אַ ספר'ל „אבני יהושע"). און דאָס האָט פאַסירט אין אַ צייט, ווען אין
דער אַלטער וועלט, אין אייראָפּע, האָבן שוין עקזיסטירט אַ סך
פיין־געדרוקטע זשורנאַלן מיט אידישע אותיות, ווי „המגיד",
„הכרמל", „הלבנון" א. אַז. וו. אַ פולע באַשרייבונג פון דעם
איינציקן עקזיסטירנדיקן נומער פון אָט דער ליטאָגראַפירטער
„ידישער צייטונג" גיט א. ר. מלאכי אין „זאַמלבוך צו דער גע־
שיכטע פון דער אידישער פרעסע אין אַמעריקע" (ניו יאָרק,
1934).

די ערשטע געדרוקטע אידישע צייטונג אין אַמעריקע, און אין
דער נייער וועלט בכלל, איז „די פאָסט", אַ וואָכנשריפט, געגרינ־
דעט פון צבי־הירש בערנשטיין (1846—1907), אַן אימיגראַנט
פון רוסיש־פרייסישן גרענעץ־געביט (סואוואַלקער גובערניע), וועל־
כער איז אין יאָר 1870 אָנגעקומען אין אַמעריקע. וועגן דער
ערשטער געדרוקטער צייטונג מיט העברעאישע אותיות אין אַמע־

ריקע איז כדאי צו דערציילן עטלעכע וויכטיקע איינצלהייטן. זי האָט עקזיסטירט פון אויגוסט, 1870, ביז פעברואַר, 1871. ליידער איז פון איר קיין איינציקער נומער ניט פאַרבליבן. אין יולי, 1870, האָט אויסגעבראָכן דער פראַנצויזיש־פּרייסישער קריג, וועל־כער האָט אַרויסגערופן אַ לעבעדיקן אינטערעס אין אַמעריקע. אידן האָבן מיט אַ גרויסן נייגיר געלייענט די מלחמה־נייעס. די רוסיש־פּוילישע אידן זיינען דאָ באַזונדערס שטאַרק געווען פאַר־אינטערעסירט אין די נייעס פון טאָג, ווייל אָט די אימיגראַנטן, קאָנצענטריט אין ניו יאָרק, האָבן געשטאַמט דערהויפּט פון רו־סיש־פּרייסישן גרענעץ־געביט. אין ניו יאָרק איז שוין דעמאָלט געווען אַ ישוב פון 80 טויזנט אידן, און ס'האָבן עקזיסטירט אידישע וואָכנבלעטער אין ענגליש און דייטש. זיי אַלע זיינען אָבער ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר די רוסיש־פּוילישע אידישע אימיגראַנטן. בערנשטיין, אַן אָנקל פון שפּעטערדיקן באַוואוסטן אידיש־ענגלישן זשורנאַליסט הערמאַן בערנשטיין (1876—1935), וועלכער האָט, אין יאָר 1914, געגרינדעט די צייטונג „דער טאָג“, איז אַליין געווען אַ משכיל און העברעאישער שריפטשטעלער. ער האָט, קומענדיק אין ניו יאָרק, גלייך באַמערקט, אַז ס'איז דאָ אָן אָרט אין אַמעריקע פאַר אַ אידישער אָדער העברעאישער פּע־ריאָדישער צייטשריפט. וויבאַלד אַזוי, טאָ פאַרוואָס ניט גרינדן קיין אידישע אָדער העברעאישע צייטונג? איז אָבער געווען אַ גרויסע מניעה — ס'זיינען נאָך ניט געווען קיין אידישע שריפט־זעצער און ניט קיין רעדאַקציאָנעלע מיטאַרבעטער. דאָ האָט אָבער צוגעדינט אַ גליקלעכער צופאַל. גראָד איז אין יענער צייט פון אייראָפּע אָנגעקומען קיין ניו יאָרק אַ געלערנטער ווילנער יונגערמאַן, צבי גרשוני (1844—1897), וועלכער האָט שוין ביז יענער צייט געהאַט דורכגעמאַכט אַ שטורעמדיקע קאַריערע און האָט געקענט שריפטזעצערייִ.[1] ווערט ער טאַקע אי מיטרעדאַק־טאָר, אי זעצער אין צבי־הערש בערנשטיינ'ס „פּאָסט“.

גרויס זיינען געווען די טיפּאָגראַפיש־טעכנישע שוועריקייטן פאַר אַ זשורנאַל אין אידיש אין יענער צייט. געגוג אידישע שריפט, צוגעפּאַסטע פאַר אַ צייטונג, איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך צו קריגן אין אַמעריקע. האָט בערנשטיין געמוזט אימפּאָרטירן אי־דישן שריפט פון ווילנע און וויען. מיט דער הילף פון צבי גרשוני, דעם שרייבער־זעצער, איז ענדלעך מעגלעך געוואָרן די צייטונג צו זעצן און דרוקן, און דער געשעפט איז אַוועק גוט. „די פּאָסט“

האָט אין משך פון די ערשטע פּאָר חדשים דערוואָרבן אַ סך לעזער און אַנאָנסן־געבער אין ניו יאָרק, באָסטאָן און אַנדערע שטעט. נאָך אַ קורצער צייט האָט אָבער צבי גרשוני „די פּאָסט" פּראַלאָזן, און הירש בערנשטיין האָט ספּעציעל אויסגעשריבן אַ אידישן זעצער פון ווילנע. בערנשטיין האָט אין יאָר 1871 אָפּגע־שטעלט „די פּאָסט" און האָט צוזאַמען מיט אַ געוויסן יעקב קאָהן, געגרינדעט אַ נייע צייטונג אין פיר שפּראַכן — אידיש, העברעאיש, דייטש און ענגליש — אונטערן נאָמען „היברו ניוס" (ערשטער נומער אַרויס ערב פּסח 1872 אין 32 זייטן גרויסן צײ־טונג־פאָרמאַט). צוליב סיכסוכים מיט זיין שותף איז די פיר־שפּראַ־כיקע צייטונג אינגיכן אונטערגעגאַנגען. דאַן האָט דער ענערגי־שער בערנשטיין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די ערשטע העברעאישע צייטונג אין אַמעריקע — "הצופה בארץ החדשה" (1871—1876), וועלכע האָט קיין דערפאָלג ניט געהאַט. דער רעדאַקטאָר פון אָט דער העברעאישער צייטונג איז געווען מרדכי יהלומשטיין (1835—1897), אויך אַן אימיגראַנט פון סואוואַלק, און אויך, פּונקט ווי דער פריער־דערמאָנטער צבי גרשוני, סיי אַ שריי־בער, סיי אַ זעצער. וועגן מ. יהלומשטיין וועלן מיר באַלד האָבן אינטערעסאַנטע זאַכן צו דערציילן. אין יאָר 1875 האָט יהלומ־שטיין געגרינדעט אַן אייגענע צייטונג, שוין אָבער ניט אין העב־רעאיש, נאָר אין „זשאַרגאָן" (ווי ער אַליין האָט עס אָנגערופן) — דעם „ניו יאָרקער איזראַעליט", אַ זשורנאַל אין אַ קליין־קוואַרטאָ פאָרמאַט (ווי מען זעט פונם איינציקן פאַרבליבענעם עק־זעמפּליאַר — פון נומ. 7). דער „איזראַעליט" האָט אויך גע־לעבט אַ גאַנץ קורצע צייט, בלויז עטלעכע חדשים. דאַן האָט מרדכי יהלומשטיין זיך פאַראייניקט מיט זיין שוואָגער, כתריאל צבי שרהזאָהן, וועלכער האָט מיט אַ יאָר פאַר דעם, אין 1874, געגרינדעט אין ניו יאָרק אַ וואָכנבלאַט, די „יודישע גאַזעטען". מיט אָט דעם זשורנאַל פאַנגט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער גע־שיכטע פון דער אידישער פּרעסע און צייטונגס־דרוק אין אַמעריקע.

זייער ווייניק זכרונות און אַנדערע היסטאָרישע מאַטעריאַלן זיינען פאַרבליבן מכח די דרוקער־אַרבעטער אַרום דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע אין אירע ערשטע קינדער־יאָרן. מיר ווייסן בלויז, אַז באַרנעט גרינבערג, דער פּאַקטישער גרינדער פון דער אידישער שריפטזעצער־יוניאָן אין ניו יאָרק אין די 80ער יאָרן,

האַט דערציילט, אַז ווען ער איז געקומען קיין ניו יאָרק אין די 70ער יאָרן, האָבן דעמאָלט שוין פון עטלעכע יאָר צייט עקזיס־טירט אייניקע אידישע צייטונגען, ווי „אידישע גאַזעטען", און פריער „די פּאָסט" און אַנדערע. ער, גרינבערג, אַליין האָט אַמאָל אַלס „גרינער" געאַרבעט אין איינער פון יענע צייטונגען. ער זאָל האָבן דערציילט, אַז אַ אידישער שריפטזעצער איז אין יענער צייט, מיט אַ יאָר 60 צוריק, געווען דאָ אין ניו יאָרק אַן אבן־טוב. דאָס קען מען אויך גוט פאַרשטיין. היגע געבאָרענע אידישע שריפטזעצער זיינען ניט געווען, אויך קיין זאַץ־מאַשינען זיינען נאָך ניט געווען דערפונדן, און זיך אויסצולערנען האַנט־זאַץ האָט געדאַרפט נעמען יאָרן.[2]

ווי געזאָגט, איז כתריאל צבי שרהזאָהן (1835—1905) געווען דער פאָטער פון דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע. ער איז געווען אַן אימיגראַנט פון רוסיש־פּוילן און אַ מענטש מיט אַן ענערגישן און איינגע׳עקשנ׳טן כאַראַקטער. געקומען אין ניו יאָרק אין יאָר 1866 און, דערטאַפּנדיג דעם באַדן פאַר אַ צייטונג אין אידיש, האָט ער, ווי אַ סך פאַר אים, באַשלאָסן צו ווערן אַ צייטונג־אַרויסגעבער פאַר די מאַסן, וואָס לייענען בלויז „מאַמע־לשון". געקלערט—געטאָן, און שוין אין יאָר 1872 איז געבאָרן געוואָרן שרהזאָהנ׳ס „ניו יאָרקער יודישע צייטונג", וועלכע האָט געלעבט אַרום פינף חדשים צייט. צו איר האָט דער פאַרלעגער, שרהזאָהן, דערלייגט אַ טויזנט דאָלאַר. ווייט ניט אַנטמוטיקט, האָט כ. צ. שרהזאָהן אין צוויי יאָר אַרום צוגעטראָטן צו אַ נייער צייטשריפט, אַ וואָכנבלאַט אונטערן נאָמען „יודישע גאַזעטען". די רעדאַקציע האָט זיך געפונען אין 112 קענעל סטריט, ניו יאָרק, און געווען איז דאָרט גאָרניט קיין רעדאַקציע־אָפיס, נאָר די דרוקעריי פון מ. טאָפּאָלאָווסקי, וועלכער האָט זיך גערעכנט אין יע־נער צייט פאַרן סאַמע בעסטן און גרעסטן אידישן דרוקער אין ניו יאָרק. וועגן די ערשטע יאָרן פון דער ערשטער אידישער דוי־ערנדיקער צייטונג אין אַמעריקע דערציילט כ. צ. שרהזאָהן, אין זיינע זכרונות, אַ סך אינטערעסאַנטע איינצלהייטן, פון וועלכע מיר וועלן מאַכן אַ לענגערע ציטאַטע.

די ערשטע ניין מאָנאַטן האָבן די „גאַזעטען" געהאַט מערער שותּפים ווי אַ טערקישער פּאַשאַ האָט פרויען, ווייל קאַפּיטאַל איז געווען דאָס נויטיקסטע אַרטיקל, וואָס דער צייטונג האָט געפעלט. און יעדער, וואָס האָט געזען, אַז דער גליקלעכער חלום איז נאָר אַ חלום פּשוט, האָט זיך אָפּ־

געוואָרפן, און די „גאַזעטען" זיינען געבליבן נאָר ביי כתריאל צבי שרהזאָהן און ביי מ. יהלומשטיין. אַ גאַנץ יאָר נאָכדעם האָבן מיר זיך צוזאַמען גע־קוועלט מיט דער אויסגאַבע, ווייל די „גאַזעטען" האָבן דעמאָלט געהאַט אַ דרייפאַכן קאַמף, דהיינו: מיטן פאַנאַטיזם, משכיל'יזם און קאַפּיטאַליזם. דער פרומער יהודי האָט געזאָגט, אַז מ'טאָר די „גאַזעטען" אום שבת ניט לעזן. מען מוז די צייט בעסער מיט תהילים־זאָגן אָדער חומש לערנען פאַר־ברענגען. די משכילים, ווידער, וועלכע זיינען אומשטאַנד געווען אַ דעפּעשע אין דער (דייטשער) „שטאַטס־צייטונג" צו לעזן, אָדער ווער רעדט נאָך דעם, וואָס האָט דעם „המגיד" געלייענט, האָט דאָך שוין געוויס ניט געפּאַסט די „גאַזעטען" אין האַנט צו נעמען. אָבער דער שווערסטער קאַמף איז גע־ווען מיטן, אָדער ריכטיקער אָן קאַפּיטאַל. דער געלט־מאַנגל, חסרון־כיס, האָט מיך מער ווי איינמאָל אין פאַרצווייפלונג געבראַכט...

אייגענע אותיות האָבן מיר ניט געהאַט און מיר האָבן געמוזט צאָלן צו אַ געוויסן מר. טאָפּאָלאָווסקי, אַ דרוקער, פאַר נוצן די שריפט. נאָך אַ שווער־קייט איז געווען יעדע וואָך, וואָס מיר, שותפים, האָבן ניט געשטימט מיט אונזערע אידייען און שרייבן; וואָס איינעם איז געפעלן, האָט דעם אַנדערן ניט געפּאַסט... אַ טייל וואָכן זיינען די „גאַזעטען" רעגלמעסיק דערשינען — און אַמאָל איינפאַך גאָרניט, ווייל עס האָט געפעלט עטלעכע דאָלאַר אויף פּאַפּיר. און ווייל אין יענער צייט איז נאָר איין איינציקער שריפטזעצער גע־ווען, (אונזער קורסיוו, ה. פ.), איז גאַנץ לייכט געווען צו שרייבן די אַנ־דערע וואָך אַ תירוץ, אַז דער זעצער איז קראַנק געוואָרן, און דערווייל האָט מען איין וואָך די הוצאות איינגעשפּאָרט...

ביי די אַלע גליקן האָט זיך מיין דרוקער טאָפּאָלאָווסקי פאַרוואָלט צו שאַפן אַן אייגענע צייטונג, די „ניו יאָרקער פאָלקסצייטונג" (געגר. אין 1878). זי איז געווען זייער שיין אויסגעשטאַטעט... איך בין געבליבן אָן שריפט, אָן געלט און אָן אַ זעצער, ווייל דעם זעצער האָט ער אויך צוגענומען... איך האָב געטראַכט, אַז איצט איז די צייט צו באַווייזן, אַז מען קען אַ גאַנצע צייטונג אָן דער גויטיקער שריפט און אָן אַרבעטער אַרויסגעבן... מיר האָבן איין וואָך די גאַנצע „גאַזעטען" אויפגעשריבן מיט כתיב'ישע אותיות, מיט ליטאָגראַפישע טינט, און אַלע קאָפּיעס אָפּגעצויגן אויף אַ שטיין... דאָס בלאַט איז זייער ניט שיין געווען, בעת אונזער קאָנקורענט'ס בלאַט איז געווען אויסגעצייכנט שיין געדרוקט (ד. ה. די „ניו יאָרקער פאָלקס־צייטונג").

אָבער מיט פרישן מוט האָבן מיר ווייטער אַ מיטל געזוכט און באַלד אויך געפונען אותיות צו אַ שרייב־מאַשין און מיין זון, יחזקאל, האָט די גאַנצע 8 זייטן דערמיט אָפּגעקלאַפּט, און דערנאָך האָבן מיר עס ליטאָגראַ־פירט און ווידער די „גאַזעטען" געשאַפן. צו אונזער באַדויערן איז אויך דער נומער שלעכט אַרויסגעקומען... איך ווייס נאָך ביז היינט ניט, ווי אַזוי גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ סומע פון 6 דאָלאַר... און פאַר די זעקס דאָלאַר האָב איך דורך אַ צופאַל געקראָגן צו קויפן אָפּגענוצטע בלייענע אותיות... מיינע קליינע צוויי קינדער, אַ אינגל און אַ מיידל, זיינען גע־ווען די זעצער... פון יעדע 20 ליינס האָב איך געמאַכט סטערעאָטאַיפּ... אָפּ־געזעצט 20 שורות, האָט מען די ערשטע 20 אָפּגעלייגט און מיט די דאָזיקע

קליינע סטערעאָטאַיפּס האָט מען די „גאַזעטען“ געשאַפן... אָבער שטעלט זיך פאָר מיין לאַגע, אַז ביים שווערן מיטל, ביים מאַכן די סטערעאָטאַיפּס, בין איך איינמאָל פון מידקייט איינגעשלאָפן. דער אויוון איז געוואָרן אַביסל צו־הייס, און אַלע 20 ליינס בליי־טאַיפּס זיינען צעשמאָלצן געוואָרן און אַ העלפט פון מיין דרוקעריי, מיין האַלב פאַרמעגן, איז צו גרונט געגאַנגען...

די „יודישע פאָלקס־צייטונג“ איז געווען פיין געזעצט און עלעגאַנט אויסגעשטעלט, מיט נייער, שיינער שריפט. אידישע שריפט האָט מען דעמאָלט געקראָגן נאָר אין איין איינציקער שריפטגיסעריי, און דאָס האָט געקאָסט פיר מאָל אַזויפיל ווי ענגלישע. עס איז אָבער מ. טאָפּאָלאָווסקי'ן ניט געשטאַנען אין וועג. געלט האָט אים ניט געפעלט. אַליין איז ער געווען אַ פּראַקטישער שריפטזעצער און אין זיין דרוקעריי האָט ער געהאַט טיכטיקע און גוט־געלערנטע געהילפן. די „פאָלקס־צייטונג“ איז אויך דערפאַר תמיד שיין געדרוקט געווען... גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען די מערכה פון די „יודישע גאַזעטען“. איך האָב קיין דרוקעריי ניט געהאַט און פון דרוקער־פאַך האָב איך זייער ווייניק געוואוסט, מיינע אַלע קוואַלן זיינען שוין פון לאַנג אויסגעטריקנט געוואָרן... מיר האָבן מיט אונזערע שוואַכע, אומדערפאַרענע און אומגעלערנטע הענט געקעמפט קעגן טויזנט און איין שווערקייטן און סיבות, דאַרונטער אַזעלכע, פון וועלכע אַ געלערנטער דרוקער־אינגל דאַרף לאַכן. אָבער מוט האָבן מיר ניט פאַרלאָרן...

אַזוי האָבן מיר זיך געמוזט מאַטערן צוזאַמענצושטעלן יעדע וואָך די אַכט זייטן, געזעצט פון דאָס ביסעלע שריפט און שטיקלעכווייז סטערעאָטיפּירט. ווי ניט קיין געניטער בעל־מלאכה, איז מיינע סטערעאָטאַיפּ זעלבסטפאַרשטענדלעך ניט מהדר געווען. עס איז גאָרניט געווען צו דערוואַרטן, אַז אַ דרוק־מאַשין זאָל דרך־ארץ האָבן פאַר אַזעלכע פּלאַטן און זאָל אַזאַ פּלאַטע שיין אָפּדרוקן. איינע פון אונזערע גרעסטע טראָבלס איז דערפאַר געווען יעדע וואָך צו זוכן אַן אַנדער דרוקער, וואָס זאָל זיך לאָזן איינרעדן אונזער בלאַט אויף זיין פּרעס אַרויפצונעמען. וואו מען האָט די צוזאַמענגעלאַטעטע סטערעאָטאַיפּס איינמאָל אָנגענומען און די צייטונג איז מיט נסים אָפּגעדרוקט געוואָרן, האָט מען אונז אָנגעזאָגט, אַז מען באַדאַנקט זיך שוין און געגעבן גוט אָנצוהערן, אַז מער זאָל מען מיט אַזעלכע דזשאַבס ניט קומען. וואַרטנדיק אין די פּרעס־רומס, טיילמאָל אַ גאַנצע נאַכט, ביז דער פּאָרמאַן וועט זיך דערבאַרעמען אויפן מאָדנעם אידישן בלעטל, פלעגן מיינע קינדער פילן דעם טעם פון חבוט־הקבר... [3]

אַ צוויי־דריי יאָר האָט די נעבעכדיקע צייטונג „יודישע גאַזעטען“, וואָס שרהזאָהן האָט זינט 1874 אַרויסגעלאָזן, קיין שום קאָנקורענט אין גאַנץ אַמעריקע ניט געהאַט. ערשט אין יאָר 1877 איז צוגעקומען נאָך אַ אידישע צייטונג אין לאַנד — „די איזראַעליטישע פּרעסע“, אין שיקאַגאָ. איר גרינדער איז געווען נחמן צבי עטעלזאָן (1828—1920), אַן אימיגראַנט פון סואוואַלקער גוברניע (אָנגעקומען אין אַמעריקע אין יאָר 1851). ער האָט

זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ און דאָרט געעפנט אַ דרוקעריי. דער אידישער ישוב אין דער הויפּט־שטאָט פון דער מיטעלער וועסט האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן, און דעמאָלט האָט דער דרוקער עטעל־זאָן באַשלאָסן צו ווערן אויך אַ צייטונגס־פאַרלעגער. פּונקט ווי דער פראַנצויזישער קריג פון 1870—1871 האָט גע־געבן אַ שטויס צו דער שאַפונג פון דער פּרעסע אין אידיש אין ניו יאָרק, האָט די רוסיש־טערקישע מלחמה פון יאָר 1877 סטימו־לירט די גרינדונג פון אַ אידישער צייטונג אין שיקאַגאָ. אידישע אימיגראַנטן־מאַסן, דאָס רוב געקומענע פון רוסלאַנד, האָבן גע־דורשט נאָך מלחמה־ידיעות. פּונקט ווי שרהזאָהנ׳ס „יודישע גאַ־זעטען״, איז עטעלזאָנ׳ס „איזראַעליטישע פּרעסע״ געפירט גע־וואָרן אין אַן אָרטאָדאָקסישן, פרום־אידישן גייסט. דריי יאָר האָט די וואָכנשריפט עקזיסטירט אין שיקאַגאָ. און איז שפּעטער אַרי־בערגעפירט געוואָרן קיין ניו יאָרק, וואו זי האָט נאָך געצויגן איר קיום ביזן יאָר 1884.

גאַנץ פרי, אַלזאָ, איז שוין ניו יאָרק געוואָרן דער מיטלפּונקט פון אידישן צייטונגס־דרוק אין אַמעריקע. פון יאָר 1880 אָן ווערט ניו יאָרק דער גרעסטער און וויכטיקסטער צענטער פון דער פּרעסע אין אידיש. און דאָך איז נאָך סאָמע ערב אויפקום פון די אידישע טעגלעכע צייטונגען אין ניו יאָרק, די ערשטע טאָג־צייטונ־גען אין אידיש, ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אין דער גאַנצער וועלט, אין די יאָרן 1880—1882, איז דער אידישער דרוק־וועזן דאָ אין ניו יאָרק געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקן טיפּאָגראַפיש־טעכנישן שטאַפּל. מיר האָבן מכח אָט דעם צושטאַנד זייער גוטע באַווייזן און ביישפּילן, סיי אין די פּראָבליבענע (לײדער זייער ווייניק עקזעמפּליאַרן!) קאָפּיעס פון די דעמאָלטיקע אידישע צייטונגען, סיי אין די דערינערונגען פון אַזעלכע קאָמפּעטענטע עדות און עקספּערטן, ווי דער גוט־באַקאַנטער געלערנטער און שריפט־שטעלער אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, וועלכער איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק פון רוסלאַנד נאָך אין יאָר 1882. אין אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, וואָס פלעגט דערשיינען אין ניו יאָרק אין יאָר 1902 — 1903, האָט האַרקאַווי אַמאָל אָפּגעדרוקט וועגן דעם ענין זייער אינטערעסאַנטע זכרונות, פון וועלכן מיר וועלן ברענגען אַ פּאָר ציטאָטן.

אין יאָר 1882 האָב איך געוואוסט אין ניו יאָרק נאָר צוויי אידישע דרו־קערייען, מר. שרהזאָהנ׳ס און מר. בלייער׳ס. דאָס זיינען געווען זייער אָרימע

עסטאַבלישמענטס אי אין זייערע געשעפטן אין אין זייערע אויסשטאַטונגען. די גרעסטע אָרימקייט איז געלעגן אין די דרוק־אותיות. די שריפט (טאַיפּ), וועלכע די צוויי דרוקער האָבן באַנוצט, איז געווען אַזעלכע, וואָס מען זעט שוין היינט מער ניט. די געשטאַלט פון די בוכשטאַבן איז געווען פון אַ מיאוס׳ן פּעטערן (מוסטער), דערצו זיינען זיי געווען ניט גלייך אין מאָס און אַלע מיט פּינטעלעך — מען האָט זיי געקענט אָנרופן „וישקהו" כתב (לייקע־שריפט, געלעכערטע). די פּרעס־אַרבעט, ווי אויך דאָס פּאַפּיר, וואָס די אָרימע אונ־טערנעמער האָבן דאַן באַנוצט, איז געווען זייער שלעכט. אַ צירקולאַר אָדער אַ בלאַט געדרוקט אין ניו יאָרק אין יענער צייט איז געווען אַזוי שווער צו לייענען ווי אַ שלעכטע האַנטשריפט. דאָך האָבן דיזע דרוקערייען געמוזט זיין אַ פאַרטשריט קעגן צען יאָר פריער, ווען עס זיינען וואַרשיינלעך גאָר קיין (אידישע) דזשאַב־דרוקערייען אין אַמעריקע ניט געווען. איך אורטייל עס פון דעם פאַקט, אַז איינער אַ מר. בוכנער האָט אין 1873 אַרויסגעגעבן אַ וואָכנ־בלאַט („די יודישע צייטונג") געדרוקט ליטאָגראַפיש. איך האָב געהערט דאָס אויסער דיזע צוויי אידישע דזשאַב־דרוקערייען איז אין ניו יאָרק געווען נאָך איינע, נאָר יענע האָב איך ניט געזען, און אפשר האָט זי עקזיסטירט אַביסל פריער פאַר דיזע.

.....................................................................

די (צוויי דעמאָלטיקע וואָכנשריפטן) „יודישע גאַזעטען" און די „איזראַעלי־טישע פּרעסע" זיינען געווען ביטערע קאָנקורענטן. דאָס איז געווען אַ קאָנ־קורענץ פאַר אַ מיזעראַבעלער עקזיסטענץ. די פּאָבלישערס זיינען געווען זייער אָרים און זייערע צייטונגען האָבן זיי געמאַכט נאָך אָרימער. דאַמאָלס אַן אָרימער פּאָבלישער האָט ניט געמיינט איינער, וואָס אים פעלן עטלעכע הונדערט דאָלאַר צו קירעווען זיך, נאָר אַזעלכער וואָס האָט ניט געהאַט קיין איינציקן דאָלאַר אויף אַ קליינע עקספּענס.

ווען פּאָבלישינג איז געווען אין אַזאַ מיזעראַבעלן צושטאַנד, קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן, ווי עס איז דעמאָלט געגאַנגען די לייטע, וועלכע האָבן גע־אַרבעט ביים שריפט־קאַסטן. עס זיינען דעמאָלט געווען ניט פילע אידישע שריפטזעצער אין ניו יאָרק און דיזע זיינען געשטאָרבן פאַר הונגער. זיי האָבן דאַן געאַרבעט פאַר 3 אָדער 4 דאָלאַר אַ וואָך און פלעגן נאָך דאָס אויך ניט באַקומען אין גאַנצן אויסגעצאָלט. [4]

עס איז מעגלעך, אַז די דריטע אידישע דרוקעריי, וועגן וועלכער אַלעקסאַנדער האַרקאַווי רעדט אין זיינע דערינערונגען, אז געווען די באַוואַוסטע, אין איר צייט, אין די יאָרן 1875—1880, מר. טאַפּאָלאָווסקי׳ס פרעס אין ניו יאָרק. אין איר איז עס אין יאָר 1877 אָפּגעדרוקט געוואָרן יעקב צבי סאָבעל׳ס "ישראל דער אַלטער", אַ 32־זייטיק ביכל, מסתם דאָס ערשט געדרוקטע בוך אין אידיש, וואָס איז אַרויס פון אַן אַמעריקאַניש־אידישער דרו־קעריי. אין כ. צ. שרהזאָהנ׳ס זכרונות, וואָס פון זיי האָבן מיר שוין פריער ציטירט, געפינען מיר די פאָלגנדיקע אינטערעסאַנטע

איינצלהייטן וועגן דער לאַגע פון אידישן דרוק־וועזן אין אַמע-ריקע אין יענער צייט, מיט אַ יאָר 60 צוריק. „טאָפּאָלאָווסקי האָט ניט געדאַרפט אויסקוקן אין די ערשטער צייט אויף פּראָ־פיטן פון זיין „פּאַלקסצייטונג". אַ לעבן האָט ער געקענט מאַכן פון זיין דרוקעריי, וועלכע איז געווען די איינציקע אין אידישן יִבול; וואו אַ פּוילישער איד האָט געקענט קריגן געדרוקט דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט. אין יענער צייט (אַרום 1878) האָבן אָנגעפאַנגען צו בליען אידישע לאַדזשן און חברות, און טאָפּאָ־לאָווסקי האָט די געלעגנהייט באַנוצט זיך איבעראַל אַריינצומאַכן און צו געווינען איינפלוס".

שרהזאָהנ'ס דרוקעריי, וואָס ווערט דערמאָנט אין האַר־קאַווי'ס דערינערונגען, האָט אויך אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. מיר ווייסן שוין, אַז דער ענערגישער שרהזאָהן האָט במשך פון פינף־זעקס יאָר, פון 1874 ביז 1880, געדאַרפט בייקומען אַן אַ שיעור שטערונגען און מניעות, כדי אַרויפצושטעלן סוף־כל־סוף זיינע „יודישע גאַזעטן" אויף אַ פעסטן יסוד. און צווישן די גרויסע שוועריקייטן איז געווען דער אויספעל פון אידישע זע־צער און טיפּאָגראַפישן מאַטעריאַל, ווי שריפטן א. ד. גל. און שרהזאָהן איז, אין די ערשטע יאָרן, געפאַלן אויף אַ טשיקאַווער המצאה. ער האָט אַ צייט לאַנג געקראָגן צוגעשיקט פון מאַינץ, דייטשלאַנד, גאַנצע פּעק מיט עקזעמפּליאַרן פון „הישראלי", אַ אידיש־אָרטאָדאָקסיש וואָכנבלאַט, געדרוקט אין דייטש מיט אי־דישע אותיות. אָבער אויף די עקזעמפּליאַרן, וואָס מען האָט גע־שיקט צו שרהזאָהנ'ען קיין ניו יאָרק, האָט מען שוין ווי ס'איז צוגעדרוקט די ערשטע זייט און דעם קאָפּ „יודישע גאַזעטען". ערשט אין 1880 איז כ. צ. שרהזאָהן שוין געווען גענוג תקיף אָפּצודינגען אין 21 עלען סטריט אַ קליינע דרוקעריי, וואָס האָט געהערט צו אַ דייטש. די „יודישע גאַזעטן", וועלכע פלעגן ביז דע־מאָלט געוויסע וואָכן אינגאַנצן ניט אַרויסגיין, האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען רעגלמעסיק. און אָט וועגן דער דאָזיקער דרוקעריי דער־ציילט אין זיינע זכרונות יחזקאל שרהזאָהן (1863—1933), כתריאל צבי'ס זון, אָט וואָס:

אין אַ שיינעם טאָג האָט אונז דער אַלטער דייטש געלאָזט זאָגן, אַז ער פאָרט אין דער וועסט, און מוז זיין דרוקעריי זייער ביליק פאַרקויפן. עס וועט אים פרייען שרהזאָהן זאָל עס קענען אָפּקויפן און אים געדענקען. אַ מציאה איז דאָס געווען, אָבער די עטלעכע הונדערט דאָלאַר צוזאַמענבאָרגן איז געווען

ווי אַ באַרג הייבן. עס איז אָבער געוואָרן. דער דייטש האָט די מזומנים באַ־קומען, און די אַלטע אותיות מיט פוס־פּרעסל, האָט דעם קליינעם קעלער פאַר־צירט און אויסגעפּילט. די שמחה האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ מאַרשאַל, געצייגט אַ מאָרטגיידזש אויף דעם דייטש׳ס אייגנטום, און האָט די גאַנצע ביזנעס אַוועקגעפירט און אַנאָנסירט זי „פער אָקשען" צו פאַרקויפן. דאָס הימל האָט זיך אויף אונז אַרונטערגעלאָזן. וואו שאַפט מען געלט אונזער אייגנטום אויפן אָקשן־סעיל אָפּצוקויפן? אָבער ניסים טרעפן זיך נאָך אויך אין אונזערע צייטן... מיר האָבן אויסגעקויפט, און פון דעמאָלט אָן איז די „גאַזעטן" רעגלמעסיק יעדע וואָך דערשינען.[6]

ווייטער דערציילט יחזקאל שרהזאָהן ווי דער אידישער דרוק־וועזן האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט שנעלע טריט צו אַנטוויק־לען און וואַקסן. „דרוקן איז אַריין אין מאָדע ביי אידן; „קאָס־טאָמער־פּעדלער" האָבן געדאַרפט קאַרדס; יונגע לייט האָבן אויף אונזער מזל חתונה געהאַט און איינלאַדונגען באַשטעלט, סטאָרקיפּערס האָבן אויך אָנגעפאַנגען צו „פּאַטראָנייזן"; אידי־שע מעבל־געשעפטן האָבן זיך געעפנט דריי אויף איין מאָל, און ווען איינער האָט אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן אַדווערטאַיזמענט אין די „גאַזעטען", האָבן די אַנדערע געמוזט נאָכטאָן. דער בעיסמענט אויף עלען סטריט איז שוין צו ענג געוואָרן, און אין מאַי 1881 האָבן מיר זיך אויסגעשפּרייט און אַריינגעצויגן אין נומער 5 איסט בראָדוויי, איבער אַ מעבל־געשעפט און אונטער דער סו־וואַלקער שול".

אין יענער צייט, אין 1881, האָט שוין טאָפּאָלאָווסקי׳ס דרו־קעריי, און זיין „פּאָלקסצייטונג" אונטער זיין פירערשאַפט, מער ניט עקזיסטירט. פונקט ווי אַט די דרוקעריי איז אין טעכנישן זינען געשטאַנען אויף אַ שטופע, צו וועלכער זיינע קאָנקורענטן — די קלענערע אידישע דרוקערס — האָבן זיך ניט געקענט דערהויבן, איז אויך די „יודישע פּאָלקסצייטונג" אין די אומ־שטענדן פון אידישן זשורנאַליזם פון יענער צייט געווען אַ פיל בעסערער פּראָדוקט ווי די פּרעסע, וואָס שרהזאָהן האָט געשאַפן. די שפּראַך פון דער „פּאָלקסצייטונג" איז געווען לייכטער, וויי־ניקער דייטשמעריש, ווי אין די „גאַזעטען", און דער רעדאַקטאָר, ג. לאַנדוי, איז געווען דער בעסטער אידישער רעדאַקטאָר פון יענער צייט, מיט 60 יאָר צוריק. די קאָנקורענץ פון דער „פּאָלקסצייטונג" איז געווען געפערלעך פאַר כ. צ. שראָזאָהן, און ער האָט מיט צופרידנקייט אָנגענומען טאָפּאָלאָווסקי׳ס פאָר־שלאַג, אין יאָר 1880, אָפּצוקויפן די „פּאָלקסצייטונג". שרהזאָהן

האָט די אָפּגעקויפטע „פאָלקסצייטונג" אָנגעהויבן אַרויסלאָזן יעדן דינסטאָג, און ניט ווי פריער, ווען זי פלעגט אַרויס יעדן פרייטאָג, משמעות, האָבן אַ סך לעזער, הגם ס'איז נאָך קיין טעגלעכע אידישע צייטונג אין ניו יאָרק ניט געווען, נאָר די לעזער האָבן זיך שוין מער ניט געקענט באַנוגענען מיט אַ צייטונג („גאַזעטן") בלויז איין מאָל אַ וואָך. כ. צ. שרהזאָהן האָט פון 1880 אָן, אַלזאָ, געדרוקט צוויי וועכנטלעכע צייטונגען — איינע פרייטאָג („גאַזעטן") און איינע דינסטאָג („פאָלקסצייטונג"). איבגיכן האָט ער אָבער די „פאָלקסצייטונג" אינגאַנצן אָפּגעשטעלט.

אינצווישן, אין יאָר 1881, זיינען די „גאַזעטען" פּאָפּולער געוואָרן. פון רוסלאַנד פלעגט יעדן טאָג אָנקומען וויכטיקע נייעס, פריער פון די „ניהיליסטן" און באַלד נאָך דעם פון די פּאָגראָמען. עס האָט זיך די שרהזאָהנס פאַרוואָלט די „גאַזעטען" יעדן טאָג צו דרוקן. און דינסטאָג, דעם 18טן יוני, האָבן זיי אַרויסגעלאָזן די ערשטע, די איינציקע טעגלעכע אידישע צייטונג אין דער וועלט: „דיא טעגליכע גאַזעטען".

נאָך צוויי חדשים דערשיינען טעגלעך (אָדער ריכטיקער — פינף מאָל אַ וואָך, אויסער שבת און זונטאָג) זיינען די „טעגלעכע גאַזעטען" צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וועכנטלעכער אויסגאַבע. און כאָטש זיין פּראָבע אין יאָר 1881 אַרויסצוגעבן אין ניו יאָרק אַ אידישע טעגלעכע צייטונג איז ניט געלונגען, האָט שערהזאָהן נאָך אַלץ געוואָרט אויף אַ געלעגענהייט ווידער צו גרינדן אַ טאָג-צייטונג. „אין יאָר 1883, שרייבט משה שטאַרקמאַן, ווען די אידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן מיטן צופלוס פון נייע איינוואַנדערער פון די אידיש-רעדנדיקע צענטרען, האָט שרהזאָהן ווידער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „טעגלעכע גאַזעטען". די רעדאַקציע האָט דעמאָלט זיך שוין געפונען אויף 44 איסט בראָדוויי, און פאַרנומען דעם גאַנצן צווייטן שטאָק פון דער דאָזיקער געביידע. שרהזאָהן האָט ניט געצווייפלט, אַז דאָס מאָל וועלן די „טעגלעכע גאַזעטען" געפינען אַן אָפּקלאַנג ביים אידישן עולם, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך ערשט אַריבערגעקומענע משכילים. האָט ער דערפאַר זיך צוגעגרייט מיט אַ נייער צילינדער פּרעס-מאַשין, וואָס האָט אים געקאָסט 1,200 דאָלאַר — ניט קיין קליינע מטבע פאַר אַ אידישן צייטונג-אַרויסגעבער אין יענע יאָרן.

„דער ערשטער נומער פון די נייע „טעגליכע גאַזעטען" איז דערשינען דעם 6טן אַפּריל,1883, און געגאַנגען דריי חדשים כסדר. פון יולי אָן איז די צייטונג צוריק געוואָרן אַ וואָכנשריפט, ווייל אַ אידיש טאָג־בלאַט אין אַמעריקע האָט זיך דעמאָלט (מיט 55 יאָר צוריק) נאָך אַלץ ניט געקענט אויסהאַלטן. [6]

מיט גרויס עקשנות האָט אָבער כ. צ. שרהזאָהן געזוכט וועגן און מיטלען צו פאַרוואַנדלען זיין צייטונג, די „גאַזעטען", אין אַ טאָגבלאַט. צום דריטן מאָל, אין יאַנואַר 1885, האָט זיך אים די פּראָבע איינגעגעבן, און זיין נייע טעגלעכע צייטונג „יודישעס טאַגעבלאַט" האָט געהאַט אַ דויערנדיקן דערפאָלג. אין אָקטאָבער פון יאָר 1881 האָט שרהזאָהן, אין צוגאָב צו זיין „טאַגעבלאַט", געגרינדעט אַ נייע וועכנטלעכע צייטונג, „דאָס יודישע וואָכנבלאַט". דאָס „וואָכנבלאַט" האָט עקזיסטירט בלויז פיר חדשים און איז געווען אַ מין המשך פון דער „יודי־שער פאָלקסצייטונג", וועלכע כ. צ. שרהזאָהן האָט אָפּגעקויפט ביי מ. טאָפּאָלאָווסקי אין יאָר 1880. חוץ דעם זיינען די „גאַזע־טען" געבליבן אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע ווי פריער.

פון יאַנואַר 1885 ביז סוף אַפּריל 1928, אין משך פון 43 יאָר אָן איבעררייס, איז געגאַנגען די צייטונג „יודישעס טאַ־געבלאַט", די ערשטע און עלטסטע אידישע טעגלעכע צייטונג אין דער גאַנצער וועלט. מיט צען יאָר צוריק, אין 1928, האָט זי זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן „מאָרגען זשורנאַל". דעמאָלט זיינען אויך די „גאַזעטען", נאָך אַן עקזיסטענץ פון 54 יאָר, פאַראייניקט געוואָרן מיטן „אַמעריקאַנער פּרויען־מאַגאַזין".

דער רעדאַקטאָר פון די „טעגליכע גאַזעטען" (אין 1881 און 1883) און פון „טאַגעבלאַט" איז געווען מרדכי יהלומשטיין, שרהזאָהנ׳ס שוואָגער. ער איז געווען אַ זעצער ביים פאַך, און ווי מיר ווייסן שוין איז ער געווען דער שותף־זעצער פון די „יודישע גאַזעטען" אין 1874—1880. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין די ערשטע צייטן פון זיין שוואָגער׳ס פאַרלאַג, זינט 1881, ווען ס׳האָט זיך שוין ניט געשפּירט אַזאַ מאַנגל אידישע זע־צער אין ניו יאָרק, ווי אין די 70ער יאָרן ,אַז אפילו אין אָט יענע ערשטע יאָרן, פון 1881 ביז 1886, האָט אויך יהלומשטיין גע־אַרבעט ביים שריפטקאַסטן פאַר זיין שוואָגער כתריאל צבי שרהזאָהן. דער רעדאַקטאָר-זעצער איז אין גרונט געווען מער העברעאישער שרייבער ווי אידישער. דערצו איז ער אויך געווען

אַ „קאַלוואַריער דייטש". דעריבער איז עס ניט קיין חידוש, אַז ער האָט זיך ניט באַמיט צו שרייבן אַ לייכטן, ריינעם פאָלקס־טימלעכן אידיש און האָט ניט געהאַט קיין ערנסטע באַציאונג צום „זשאַרגאָן".

מיר ווייסן שוין וואָס פאַר אַ קאַמף די אידישע פּרעסע האָט געפירט פאַר איר עקזיסטענץ אין די ערשטע צען יאָר פון איר לעבן אין אַמעריקע, ד. ה. פון 1870 ביז 1880. די דעמאָלטיקע אידישע אימיגראַנטן זיינען דערהויפּט געקומען פון פּוילן און דייטשלאַנד און האָבן וויניק געלייענט די אידישע צייטונגען. די מערסטע אידישע זשורנאַלן, ווי מיר האָבן געזען, האָבן קיין אריכת ימים ניט געהאַט. מיט דער גרעסטער מי האָבן שרהזאָהנ'ס „אידישע גאַזעטען" דערצויגן ביזן יאָר 1881, ווען אין דרום־רוסלאַנד האָבן אויסגעבראָכן בלוטיקע פּאָגראָמען אויף אידן. די דייטשע און פּוילישע אידן האָבן זיך גענומען לעזן אין די „אי־דישע גאַזעטען" די באַשרייבונגען פון די הריגות אין אָדעס, באַלטע, קיעוו און יעליסאַוועטגראַד. באַלד האָט די צירקולאַציע פון די „גאַזעטען" געשטיגן. פון דער צווייטער זייט איז דער לעזער־עולם אויך גרעסער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. פון דרום רוסלאַנד, פון דעם הויפּט־געביט פון די פּאָגראָם־אויסברוכן, האָבן געפלאָסן אידישע אימיגראַנטן־מאַסן קיין אַמעריקע, שאַפנדיק אַ ברייטערן באַדן פאַר די אידישע צייטונגען. גלייכצייטיק האָט די אידישע אימיגראַציע־מאַסע פון רוסלאַנד געבראַכט אויך אַ היפּש ביסל אידישע שריפטזעצער. אמת, דער באַדאַרף אין זעצער איז אויך געוואַקסן ווי אויף הייוון. חוץ צייטונג־דרוקע־רייען האָבן זיך אין ניו יאָרק געעפנט, אין משך פון אַ פּאָר יאָר, אַ סך דזשאַב־דרוקערייען פאַר קליינע דרוק־אַרבעטן, ווי ציר־קוליאַרן, אַפישן, קאָנווערטן א. ד. גל. די לאַנדסמאַנשאַפט־ פאַר־איינען, וואָס זיינען געוואָרן די איינציקע פאָרם פון געגנזייטיקער הילף און קהל'ישער טעטיקייט צווישן די אָנגעקומענע אידישע מאַסן, האָבן זיך גענויטיקט אין געוויסע סאָרטן דרוק־אַרבעט אין אידיש, ווי איינלאַדונגען צו מיטינגס, מיטגליד־קאַרטלעך, קאָנסטיטוציע־ביכלעך א. אַז. וו. פונדעסטוועגן איז ביזן יאָר 1888 די צאָל אידישע זעצער, אפשר אַ פּאָר צענדליק אינגאַנצן, שוין געווען צו גרויס פאַר ניו יאָרק, און ס'זיינען געווען מער שריפט־זעצער ווי דזשאָבס. די אידישע דרוקער האָבן גערן אַריינגענומען צו דער אַרבעט די גרינע אידישע שריפטזעצער און האָבן זיי

אָן רחמנות עקספּלואַטירט. די זעצער פלעגן פאַרדינען 4—5 דאָלאַר אַ וואָך פאַר דער אַרבעט פון 15—16 שעה אַ טאָג. און כמעט אַלע אידישע דרוקערייען זיינען געווען אין פינצטערע נאַסע קעלערס.

בלויז דורך אַ קאָלעקטיווער אַקציע פון סאָלידאַריטעט און געגנזייטיקער הילף איז מעגלעך געווען אויסצוקעמפן אַ פאַר־בעסערונג אין דער לאַגע פון די אידישע זעצער. אַזאַ אַקציע איז אונטערגענומען געוואָרן שוין אין יאָר 1885, ווען דער פריי־ער דערמאָנטער באַרנעט גרינבערג, אַ אידישער זעצער אין אַן ענגלישער דרוקעריי, האָט געגעבן דעם ערשטן שטויס צו באַ־שאַפן אַ אידישן שריפטזעצער־פאַראיין. ביים ערשטן מיטינג האָבן די דריי זעצער פון די די „אידישע גאַזעטען" דערציילט, אַז שוין 5 וואָכן ווי מען צאָלט זיי ניט אויס זייערע מאָגערע שכירות (5 דאָלאַר אַ וואָך). באַלד איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די דריי זעצער זאָלן אַרויסגיין אין אַ סטרייק ביז דער צייטונג־אַרויסגעבער וועט זיי ניט באַצאָלן וואָס ס'קומט זיי.

און פון יאָר 1885 אָן האָט די אידישע פרעסע אין ניו יאָרק געהאַלטן אין איין וואַקסן. אין יענעם יאָר גרינדעט אָן אונגאַרי־שער איד, דר. משה וועקסלער, אַן אָרטאָדאָקסישע וואָכנשריפט, די „ניו יאָרקער יודישע צייטונג". באַלד נאָך דעם, אין סוף יוני, 1886, האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די ערשטע אידישע סאָ־ציאַליסטישע צייטונג אין אַמעריקע — די וועכנטלעכע „ניו יאָר־קער פאָלקס־צייטונג", אַרויסגעגעבן פון צוויי יונגע אידישע סאָ־ציאַליסטן, ברוקס און קאַנטאָר, אונטער דער רעדאַקציע פון אבא בראַסלאַווסקי און דר. משה מינץ. צוליב פינאַנציעלע שווער־קייטן האָט די צייטונג עקזיסטירט בלויז קאַרגע דריי יאָר. קורץ נאָך איר אונטערגאַנג איז געקומען אַ נייער וועכנטלעכער סאָ־ציאַליסטישער זשורנאַל, „דער מאָרגענשטערן", אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע ראַדיקאַלן מיט אפרים לאַנדאַן, דעם פאָטער פון באַ־רימטן אַמעריקאַניש־אידישן סאָציאַליסט מאיר לאַנדאַן, אין דער שפּיץ. דער „מאָרגענשטערן" האָט עקזיסטירט בלויז אַ האַלב יאָר, פון יאַנואַר ביז סוף יוני 1890. און הגם די אידישע פרעסע וואַקסט, איז אָבער די צאָל זעצער געוואַקסן נאָך שנעלער, און אין יאָר 1888 איז זייער שווער געווען צו קריגן דזשאָבס פאַר אַלע ניו יאָרקער אידישע זעצער. די לאַגע פון די זעצער וואָלט געוואָרן קריטיש, אויב עס וואָלט שוין ניט עקזיסטירט, אין יאָר

1888, די ניי־אָרגאַניזירטע אידישע שריפטזעצער־יוניאָן (זינט דעם 21טן יוני 1894 — דער לאָקאַל 83 פון דער „אינטערנע־שאַנאַל טאַיפּאָגראַפיקעל יוניאָן"), וועלכע האָט די אַרבעט־באַדינ־גונגען אין טרייד גענומען אונטער איר קאָנטראָל. איין זעצער פון דער אידישער „פאָלקס־צייטונג", י. ווערבער, איז געווען צווישן די הויפּט־גרינדער פון דער נייער יוניאָן. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז פריער האָט ווערבער געאַרבעט אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, פאַר דעם זשורנאַל „דער פּוילישער אידל", וועלכן מאָריס ווינטשעווסקי האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1884. דאָס איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער אָרגאַן אין אידיש.

דורך די ערשטע פינף יאָר פון דער שריפטזעצער יוניאָן'ס עקזיסטענץ (1889—1894) האָט, צוזאַמען מיט דער מאַסן־אי־מיגראַציע, אויך געוואַקסן דער אידישער צייטונג־דרוק, די אי־דישע פּרעסע בכלל. חוץ דעם „טאַגעבלאַט" זיינען שוין אויף דער אידישער גאַס געווען נאָך צוויי טעגלעכע צייטונגען: דאָס „אַבענדבלאַט" (געגר. אין 1890), אַן אָרגאַן פון דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי; און דער „טעגלעכער העראָלד", אַ צייטונג, וואָס האָט עקזיסטירט פון 1891 ביז 1905. די ראַדי־קאַלע וואָכנשריפטן אין אידיש זיינען נאָך עלטער פון דעם „אַבענדבלאַט". די „וואַרהייט", די ערשטע אידישע אַנאַרכיס־טישע צייטשריפט אין אַמעריקע, פון וועלכער ס'זיינען אַרויס 20 נומערן, איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק אין יאָר 1889. די „אַרבעטער־צייטונג", די ערשטע אידישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע צייטונג אין אַמעריקע, איז אַרויסגעגאַנגען וועכנטלעך אין ניו יאָרק פון 1890, און שפּעטער, ביז 1902, ווי די זונ־טאָג־אויסגאַבע פון „אַבענדבלאַט". די „אַרבעטער־צייטונג" האָט באַשעפטיקט פיר זעצער. קורץ נאָך דער גרינדונג פון דער „אַר־בעטער צייטונג" האָבן אויך די אַנאַרכיסטן אָנגעהויבן אַרויס־צולאָזן זייער וואָכנשריפט די „פרייע אַרבעטער שטימע", וועלכע האָט עקזיסטירט 4—5 יאָר (איז אין יאָר 1899 באַנייט געוואָרן און עקזיסטירט ביז איצט). אין יאַנואַר 1892 הויבט אָן צו דער־שיינען „די צוקונפט", דער ערשטער סאָציאַליסטישער מאָנאַט־לעכער זשורנאַל אין אידיש.

שוין אין אָנהויב די 90קער יאָרן האָט מען אויך אין דער פּראָ־ווינץ געמאַכט אַ ריי פּראָבעס פון אידישע צייטונגען. ווי מיר ווייסן שוין, האָט אין שיקאַגאָ אין 1879 עקזיסטירט אַ וואָכנ־

שריפט, די „איזראַעליטישע פּרעסע", און אין די 80ער יאָרן זיינען ווידער געמאַכט געוואָרן זשורנאַליסטיש־פאַרלעגערישע עקספּערימענטן — פון לעאָן זאָלאָטקאָף און אַנדערע. יאָרנלאַנג איז די אידישע שיקאַגאָ געווען אָן אַ צייטונג, אָבער אין 1893, אין דער צייט פון דער וועלט־אויסשטעלונג אין שיקאַגאָ, האָט אויך דאָרט געגומען אַרויסצוגיין אַ וואָכנבלאַט, „די אידישע וועלט", וואָס עקזיסטירט אָבער ניט מער ווי עטלעכע מאָנאַטן. אַביסל שפּעטער האָט אָנגעהויבן צו זען דעם שיין פון טאָג דער „אידישער קוריער", אַ טעגלעכע צייטונג, וואָס לעבט ביז איצט. גליקלעכערע פּראָבעס זיינען געמאַכט געוואָרן אין פילאַדעלפיע. דאָרט האָט מען שוין אין 1891 געגרינדעט צוויי וואָכנבלעטער — „דאָס ליכט" און „די יודישע פּרעסע", ביידע האָבן לאַנג ניט אויסגעהאַלטן. אין אויגוסט 1895 האָט אין פילאַדעלפיע אָנ־געהויבן אַרויסצוגיין אַ וואָכנזשורנאַל „די געגנוואַרט", וואָס האָט געלעבט אָן ערך 4 יאָר, ניט קיין גאַנץ קליינער פּעריאָד פאַר יענע צייט־אומשטענדן. ווי ס'דערציילט ש. שעהנפעלד אין זיין „געשיכטע פון דער יוניאָן, לאָקאַל 83", פון 1888 ביז 1938, איז אין יענער צייט אין פילאַדעלפיע ניט מעגלעך געווען צו קריגן אידישע זעצער, און עטלעכע זעצער פון ניו יאָרק זיינען געפאָרן אַרבעטן אין דער פילאַדעלפיער צייטונג.

די גוט־אָרגאַניזירטע אידישע שריפטזעצער האָבן שוין אין יאָר 1894 אויסגעקעמפט אַ 8־שעה'קן אַרבעט־טאָג — די ערשטע אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט איינגעפירט אָט אַזאַ פּראָגרעסיווע רעפאָרם אין די אַרבעט־קאָנדיציעס. פון אַלע טיפּאָגראַפישע אַרבעטער איבערן לאַנד, האָבן בלויז די דייטשע שריפטזעצער אין ניו יאָרק זיך דערשלאָגן צום 8־שטונ־דיקן אַרבעט־טאָג אין יאָר 1886, ווען דער לאָזונג "8־שטונדיקע אַרבעט־צייט" האָט אַרומגעכאַפּט די פאַרגעשריטנסטע טיילן פון אַמעריקע'ס אַרבעטער־קלאַס. ערשט מיט 10־12 יאָר שפּעטער, אויף דער 44טער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל טיפּאָגראַ־פיקאַל יוניאָן, איז דער 8־שעה'קער אַרבעט־טאָג איינגעפירט גע־וואָרן צום ערשטן מאָל, ווי אַן אַלגעמיינער פּרינציפּ אין גאַנצן טרייד.

דער קומענדיקער היסטאָריקער פון דער קולטור־אַנטוויקלונג, וואָס די אידישע אַמעריקע האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע 60—70 יאָר, וועט אַ גרויסן און אינטערעסאַנטן קאַפּיטל מוזן

אָפּגעבן דעם וואוקס פון דער אידישער פּרעסע אין לעצטן פערטל פון פאַריקן יאָרהונדערט. אַן אומגעהויערע פּילפּאַכיקייט און פּילפּאַרביקייט האָט אויסגעצייכנט די צענדליקער זשורנאַלן און צייטונגען, וועלכע זיינען שנעל אויפגעקומען און נאָך שנעלער אומגעקומען אינם קאָך־קעסל פון דער אידישער אימיגראַנטן־מאַסע. כ. צ. שרהזאָהן, שרייבנדיק אין יאָר 1894 מכח די ערשטע צוואַנציק יאָר פון זיינע „יודישע גאַזעטען", באַמערקט, אַז „אין ים פון דער צייט זיינען (במשך פון די 20 יאָר) פערציק צייטונגען דערטרונקען געוואָרן", און געבליבן איז בלויז אייך־איינציקער אָרגאַן — זיינע „גאַזעטען". ס'איז ווירקלעך צו שטוי־נען, ווען מען דערמאָנט זיך וואָס פאַר אַ רייכן אויסוואַל פון צייט־שריפטן מען האָט דעם עולם צוגעטראָגן, און ווי קליין און אומ־באַדייטנדיק איז געווען דער ביישטראָג פון די אַלע זשורנאַלן פאַר אַ דויערנדיקער קולטור־בויאונג אין די יאָרן פון 1880 ביז 1890. עס איז אפילו געווען אַזאַ אויסגאַבע ווי די „ניו יאָר־קער אידישע אילוסטרירטע צייטונג", אַרויסגעגעבן פון באַרימטן טעאַטער־דיכטער, אברהם גאָלדפאַדן, ווי אַ זשורנאַל, וואָס פלעגט דערשיינען צוויי מאָל אַ וואָך. ער האָט אָבער ניט לאַנג געלעבט, בלויז פון נאָוועמבער 1887 ביז יולי 1888. און געוויס האָט אין דעם שטורמישן, ברויזנדיקן אויפבלי פון דער פּרעסע אין יענע ערשטע קינדער־יאָרן פון אידישן זשורנאַליזם געהאַט אַ גרויסן חלק די שווערע מי, די פּאַכקענטעניש און פלייס פון דער ערשטער מחנה פון די אידישע שריפטזעצער אין אַמעריקע. קליין אין צאָל זיינען זיי געווען, אָבער ניט געקוקט אויף זייער שוואַכ־קייט אין קוואַנטיטעט, זיינען זיי אָבער, העכסטוואַרשיינלעך, שטאַרק געווען קוואַליטאַטיוו, אין איכות, ווי ס'קען ווייזן דער קורצער איבערבליק איבער די ערשטע צוואַנציק יאָר פון אידישן צייטונג־דרוק אין אַמעריקע, די צייט פון 1874 ביז 1894, מיט אירע צענדליקער צייטשריפטן אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ און פילאַדעלפיע.

אין יאָר 1895 הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין אידישן צייטונג־דרוק. די גרויסע אידישע איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד האָט כסדר פאַרברייטערט די לעזער־קרייזן פון די אידישע צייטונגען. דער באַדאַרף אין געדרוקטן לעיינשטאָף איז געשטיגן, און גראָד אין דער זעלבער צייט איז צוגעקומען אַ נייער טעכ־נישער מיטל, וואָס האָט פאַרפילפאַכט די פּראָדוקטיוויקייט פון

דרוקער־אַרבעטער בכלל, און פון שריפטזעצער בפרט. אָטמאַר מערגענטאַלער, אַן אַמעריקאַנער דערפינדער, האָט געשאַפן די „לאַינאָטאַיפּ" זעץ־מאַשין אין יאָר 1886, און ס'זיינען נאָך קיין צען יאָר ניט אַוועק און די זעץ־מאַשין האָט שוין געדינט דעם אידישן צייטונג־דרוק. אין יאָר 1895 האָט כ. צ. שרהזאָהן אַריינ־געשטעלט צוויי זעץ־מאַשינען אין דער דרוקעריי פון זיין גרוי־סער צייטונג „יודישעס טאַגעבלאַט". באַלד איז פאַר דער אידי־שער שריפטזעצער יוניאָן אויפגעקומען די פראַגע: ווי באַשיצט מען זיך קעגן דער קאָנקורענץ פון דער מאַשין? ווי מאַכט מען, מיינט עס, אַז וואָס ווייניקער אַרבעטער זאָלן אַרויסגעוואָרפן ווערן? די יוניאָן באַשליסט דאַן, אַז דער 8־שטונדיקער אַרבעט־טאָג ביי דער מאַשין זאָל געטיילט ווערן אין צווייען. יעדער מאַשין־זאַץ אַרבעטער, הייסט עס, האָט געמעגט אַרבעטן בלויז אַ האַלבן טאָג, וועלכער זאָל באַשטיין פון 4 שעה. ער פלעגט דערפאַר קריגן אַ העלפט פון די שכירות, וואָס איז דעמאָלט געצאָלט געוואָרן אויף דער זאַץ־מאַשין ($22 אַ וואָך), נעמלעך — 11 דאָלאַר אַ וואָך. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ 14־וואָכיקער קאַמף מיטן „טאַ־געבלאַט" פאַר דער דורכפירונג פון דער סיסטעם פון אַרבעט־איינטיילונג. אַנדערע צייטונגען האָבן שוין אָט דעם איינפיר שפּעטער אָנגענומען אָן אַ קאַמף.

אין די 90ער יאָרן איז דער פאַרשריט פון דער אידישער דרוקער־אינדוסטריע אין ניו יאָרק געגאַנגען אויף אַזאַ אופן. פון איין זייט איז געוואָקסן דער באַדאַרף אין „דזשאָב־דרוקערייען" פאַרן מאַסאָוון באַשטעלער, די חברות, סאָסייעטיס, קליינע גע־שעפטלייט, פאַמיליען־נאָטיצן א. אַז. וו. ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן פלעגן וואַקסן די קליינע דרוקערייען אויף דער איסט־סאַיד. עס איז שוין געווען אַ מין חזקה, אַ טראַדיציע אָדער אַ מנהג, צו העלפן איינצואָרדענען אַ דרוקעריי פאַר אַן אַריבערגעקו־מענעם „אדם חשוב", וועלכן ס'איז שווער געווען איינצואָרדע־נען ביי זיין אַלטער פרנסה אָדער סתם ביי אַ פאַסיקן פאַר אים סאָרט באַשעפטיקונג אין דער נייער היים. אין יאָר 1889 קומט, למשל, קיין ניו יאָרק דער באַרימטער ביי רוסישע אידן פאָלקס־דיכטער און מנגן, דער בדחן אליקום צונזער, און אין יאָר 1893 עפנט ער שוין אין ניו יאָרק אַ דרוקעריי. אין יאָר 1889 קומט צופאָרן פון רוסלאַנד דער באַוואוסטער ראָמאַניסט שמ"ר (נ. מ. שייקעוויטש); באַלד ווערט ער אויך אַ דרוקער און גיט אפילו

אַרויס אין זיין אייגענעם פאַרלאַג און ביי זיך אין דרוקעריי אַ וואָכנבלאַט „דער מענשענפריינד" (1889—1891). די דרוקעריי און זשורנאַל זיינען ניט מצליח, און שמ"ר פאַרקויפט די דרוקעריי צו זיינעם אַ שוואָגער און גרויסן למדן, משכיל און העברעאישן שרייבער אברהם חיים ראָזענבערג, וועלכער קומט גראָד אָן פון רוסלאַנד, ער איז אָבער אין דער אַלטער היים קיין דרוקער ניט געווען. אין די 90ער יאָרן קומט אָן פון ביאַליסטאָק אַ יונגער סוחר'ישער באַלעבאָס יעקב סאַפּירשטיין. ער מאַטערט זיך דאָ אין ניו יאָרק, זוכט פאַר זיך אַ קוואַל פון פרנסה, וואַרפט זיך פון איין עסק אויף אַ צווייטן, ביז די לאַנדסלייט, וועלכע ווילן פאַר אים עפּעס טאָן, ווילן אים שטעלן אויף די אייגענע פיס, און זיי באַשליסן צו עפענען פאַר אים אַ — — — דרוקעריי. גראָד איז י. סאַפּירשטיין געווען ווי געשאַפן פאַר אַ דרוק־און־פאַרלאַג אונטערנעמונג און האָט, ווי מיר וועלן באַלד זען, דערגרייכט דורך דעם בוך־און־צייטונג דרוק גאַנץ הויכע צילן אין אַן ערך אַ קורצער צייט. אָט דאָס איז געווען די לאַגע אין איין גרויסן צווייג פון דרוק־וועזן ביי אידן אין אַמעריקע. כאַראַקטעריזירן קען מען די באַוועגונג אַזוי — דאָס איז געווען אַן אויסשפּרייטונג אין דער ברייט, אָבער ניט פאַרשטאַרקונג און פאַרפולקאָמונג אין דער טעכנישער און קינסטלערישער טיפּאָגראַפישער שאַפונג.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָט יאָ פּראָגרעסירט אַלץ מער און מער דער צווייטער גרויסער צווייג פון אידישן דרוק־וועזן אינם נייעם לאַנד — דער צייטונג־דרוק. דאָ האָט איין טעכ־נישע פאַרפולקאָמונג געטריבן צו דער צווייטער. מיטן שטענ־דיקן וואוקס פון דער צירקולאַציע אין די גרעסערע, טאָגנעבנדיקע צייטונגען, מיט דער פאַרגרעסערונג פון פאָרמאַט און אינהאַלט, נאָך דער איינפירונג פון מאַשין־זאַץ, האָבן דעם פּלאַץ פון די פריער אין גרעסטן רעספּעקט ביי אידישע דרוקער געהאַלטענע צילינדער־פּרעסן פאַרנומען די נאָך מער מאָדערנע ראָטאַציע־פּרעסן, ד. ה. דרוק־פּרעסן, וועלכע וואַרפן אַרויס מיט אַ בליץ־שנעלקייט פון די ריזיקע פּאַפּיר־ראָלס קאָלאָסאַלע אויסגאַבעס פון גרויסע צייטונגען. און צוגלייך מיט אַזאַ דרוק־פּרעס קומט אַ צווייטע מעכאַנישע אַנטוויקלונג — דער סטערעאָטיפּ־דרוק, ווייל אָן די אויסגעבויגענע און פון מאַטריצן געגאָסענע דרוק־פּלאַטן קען קיין ראָטאַציע־דרוק־מאַשין ניט פונקציאָנירן. דער אַרבעטער־פּערזאָנאַל פון צייטונג־דרוק איז במילא אַ מער פאַרשיידנאַר־

טיקער ווי ביים בוך־דרוק בכלל. חוץ די שריפטזעצער ווערן ביי אַ מאָדערנער צייטונג, אין די מעכאַנישע דעפּאַרטמענטס, באַשעפּ־טיקט אויך אַ סך אַנדערע אַרבעטער, ווי סטערעאָטאַיפּערס, פּרעס־לייט, לאַינאָטאַיפּ־מאַשיניסטן א. אַז. וו. די דאָזיקע מאַשיניסטן פּאַסן אויף, אַז די מאַשינען זאָלן אַרבעטן ווי געהעריק, און זיי פּאַרריכטן די מאַשינען, ווען עפּעס ווערט קאַליע און די אַרבעט גייט ניט כשורה. אין אָנהויב, ווען די זעץ־מאַשינען זיינען נאָך ניט געווען אַזוי פּאַרפּולקאָמט ווי היינט, און אויך די זעצער זיינען נאָך ניט געווען גוט באַקאַנט מיט די דאָזיקע קאָמפּליצירטע מעכאַנישע אַרבעט־געצייג, איז עס געווען נאָך נויטיקער ווי היינט צו האַלטן אין יעדער גרויסער דרוקעריי אַזאַ ספּעציאַליזירטן מעכאַניקער, ד. ה. אַ גוטן „מאַשיניסט". ס'איז אַ שיינע טאַט פון אַרבעטער־אחדות, אַזוי גוט ווי פון גוט־פאַרשטאַנענעם איי־גענעם אינטערעס, אַז די אידישע שריפטזעצער אין ניו יאָרק האָבן אויך פאַר אַט די קאַטעגאָריעס פון דרוקער־אַרבעטער גע־האָלפן אויסקעמפן אַ העכערע שטופע פון אַרבעט־באַדינגונגען, קירצערע אַרבעט־שעה'ן און אַ גרעסערן לוין.

ס'גייט אַוועק נאָך אַ צענדליק יאָר, פון 1896 ביז 1907, אפשר דער שטורעמדיקסטער פּעריאָד פון דער אידישער מאַסן־איינוואַנדערונג, און ס'קומען פאַר ווייטערדיקע ענדערונגען אין צייטונג־דרוק. די פּרעסע אין אידיש דערגרייכט אַ מדרגה פון פּרעסטיזש און פּראָפיט ווי קיינמאָל ניט פריער. צוויי נייע טעג־לעכע צייטונגען זיינען צוגעקומען אויף דער אידישער גאַס — דער סאָציאַליסטישער „פאָרווערטס" (געגרינדעט אין אַפּריל 1897) און דער קאָנסערוואַטיווער „מאָרגען זשורנאַל" (געגר. אין יולי 1902 פון פריער־דערמאָנטן י. סאַפּירשטיין). דער פאַרלעגער פון „מאָרגען זשורנאַל" גרינדעט אין 1903 אַ דערפאָלגרייכן וואָכנ־זשורנאַל „דער אַמעריקאַנער". ס'הערט ניט אויף צו וואַקסן די טעגלעכע פּרעסע. דאָ דערשיינט אַ בירגערלעכע צייטונג „אָבענד פּאָסט" (1899—1901), און מיט אַ יאָר פינף שפּעטער גייט אַרויס און עקזיסטירט אַ פּאָר חדשים אַן אַנאַרכיסטישע טאָג־צייטונג „אָבענד־צייטונג" (מערץ—מאַי 1906). נייע שטאַרקערע פּרעסע־אָרגאַנען ווערן אויך אַרויסגערופן צום לעבן, ווי למשל, ל. מיללער'ס „וואַרהייט" (געגר. אין נאָוועמבער 1905), וואָס גייט אַרויס במשך פון איבער צען יאָר, א. אַז. וו. און דאָך איז נאָך אפילו אין 1907, ווען צענדליקער זשורנאַלן און צייטונ־

געגן האָבן אַדאַנק דער שווערער און לעבנסגעפערלעכער אַרבעט פון שריפטזעצער געשפּייזט דעם וויסנדורשט און אונטערהאַלטונג־אַפּעטיט ביי אומצייליקע טויזנטער לעזער, איז די לאַגע פון דעם זעצער גופא נאָך אַלץ ניט געווען קיין גאַנץ נאָרמאַלע צוליב די קליינע פאַרדינסטן פון די 4־שטונדיקער זעצער, וואָס זיינען געווען, ווי מיר וויסן, אַ מין בייפּראָדוקט פון דער איינפירונג פון לאַינאָטאַיפּ־זאַץ אין דעם אידישן צייטונג־דרוק. מ׳האָט ממש גע־ריסן די צייטונגען פון די סטענדס אין די גאַסן. די שריפטזעצער האָבן געאַרבעט אויבער־שעה׳ן, און די פאַרלעגער האָבן שוין מער ניט געזוכט, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, איינצושפּאָרן אַר־בעט־הענט. דערצו האָבן נאָך מאַנכע אַרבעטער געאַרבעט 8 שטונ־דען און אַנדערע נאָר פיר, וואָס האָט געשטערט דער האַרמאָניע פון אַרבעטער־פּערזאָנאַל צוליב די אומגלייכע פאַרדינסטן. אין יאָר 1907 האָט די אידישע שריפטזעצער יוניאָן, אין פאַרבינדונג מיט דער באַנייאונג פון איר קאָלעקטיוון אַגרימענט מיט די אַר־בעטגעבער, באַשלאָסן בטל צו מאַכן די אומנאָרמאַלע און אומגע־זונטע לאַגע דורך אַ ראַדיקאַלן און אין סאָציאַל־פּאָליטישן זינען אַ זייער פּראָגרעסיוון אויפטו — איינצופירן אַ 6־שטונדיקן אַרבעט־טאָג אין אַלע אידישע צייטונג־דרוקערייען. דערצו איז דורכגעפירט געוואָרן נאָך אַ רעפאָרם. אָנשטאָט צו פאַרלאַנגען פּאַר נאַכט־אַרבעט העכערע שכירות, ווי די ענגלישע יוניאָן האָט זיך גע־פירט, האָט די אידישע שריפטזעצער יוניאָן געלאָזט די שכירות די זעלבע און האָט בעסער פאַרקירצט די אַרבעט־צייט פון די נאַכט־אַרבעטער. „אַזוי איז דער 6־שטונדיקער אַרבעט־טאָג איינ־געפירט געוואָרן דעם 24טן מאַי, 1907 — דער ערשטער און איינציקער 6־שטונדיקער טאָג ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר ווי ווייט אונז איז באַקאַנט (אַזוי שרייבט ש. שעהנפעלד אין זיין געשיכטע פון דער יוניאָן, לאָקאַל 83 אַי. טי. יו.) אין דער גאַנ־צער וועלט".

די גרויסע סאָציאַלע דערגרייכונגען פון די אידישע שריפט־זעצער טרעטן אַרויס אין נאָך אַ בולט׳ער פאָרם, ווען מען דער־מאָנט זיך, אַז די אימיגראַציע האָט כסדר פאַרגרעסערט די צאָל שריפטזעצער אויפן אַרבעט־מאַרק. דעריבער, אגב, האָט די יו־ניאָן ניט געקענט צולאָזן לערנערס אין די אידישע דרוקערייען, הגם אין די ענגלישע יוניאָן־דרוקערייען איז דער ענין לערן־איינגלעך יאָ געווען אַ כשר׳ע זאַך. די אימיגראַציע האָט צוגע־

שטעלט געגוג נייע זעצער און מ׳האָט זיי ניט געדאַרפט ערשט לערנען. בדרך קאָמפּראָמיס האָט די יוניאָן, אין יענע יאָרן, מיט 30 יאָר צוריק, צוגעלאָזן, אַז די זעצער, וועלכע קומען פון אייראָפּע און זיינען ניט באַקאַנט מיט דער אַרבעט־סיסטעם אין אַמעריקע, זאָלן ניט זיין באַרעכטיקט גלייך אין אָנהויב צו די פולע שכירות. און דערביי האָט די יוניאָן אַזוי רעגולירט דעם אַרבעט־מאַרק, אַז אַלע זעצער, וואָס האָבן געקענט זעצן אידיש, זיינען געווען מיטגלידער פון דער יוניאָן (ז. וועגן דעם אין ש. שעהנפעלד׳ס געשיכטע פון דער יוניאָן, קאַפּיטל: נאָכווייעניש פון „פאָרווערטס״ סטרייק).

עס איז ניט קיין וואונדער, אַז די אידישע זעצער־יוניאָן האָט געוואַקסן און האָט געלעבט מיט די אינטערעסן פון דעם צייטונג־דרוק במשך פון 1888—1910, ווען די צייטונג־אַרבעט איז געווען כמעט דער איינציקער, און געוויס דער וויכטיקסטער, צווייג פון דער טיפּאָגראַפישער אינדוסטריע אין דער אידישער אַמעריקע. דאָך האָט אָבער אויך די אידישע בוך־פּראָדוקציע במשך פון דעם דאָזיקן פעריאָד זיך גאַנץ שטאַרק אַנטוויקלט. די אַרבעטער־פּאָעזיע, פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור, פּאַר־טיי־פּראָפּאַגאַנדע און אונטערהאַלטונג־ראָמאַנען (צוערשט, אין די 90ער יאָרן אין ביליקע „העפטן״, און שפּעטער אין ביכער און ביכלעך) — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ ברייטן מאַרק פאַר אידי־שער דרוק־אַרבעט, דערהויפּט אין די יאָרן 1900—1920, ווען די אידישע קולטורעלע שאַפונג אין אַמעריקע האָט דורכגעמאַכט איר גלאַנץ־פּעריאָד. גאַנץ אָפט פלעגן די צייטונג־פאַרלעגער גופא זיך אַריינלאָזן אין גרעסערע בוך־פאַרלאַג אונטערנעמונגען. מיט אַ באַזונדערס גרויסן פאַרלעגער־פאַרנעם האָט זיך אויסגעצייכנט דער גרינדער פון „מאָרגען זשורנאַל״, יעקב סאַפּירשטיין (1854—1914). ער האָט אין יאָר 1911 אָוועקגעשטעלט דריי נייע זעץ־מאַשינען ספּעציעל פאַר בוך־אַרבעט. זיין פאַרלאַג האָט אונ־טערגענומען און פאַרווירקלעכט איינע פון די גרעסטע טיפּאָגראַ־פישע אונטערנעמונגען אין אידישן דרוק־וועזן דאָ אין לאַנד — אַרויסגעבן אַ גרויסן ענציקלאָפּעדישן אידיש־ענגלישן ווערטער־בוך, לויטן מוסטער פון גרויסן „וועבסטער דיקשאָנערי״ פון דער ענגלישער שפּראַך. לויט דער מיינונג פון ש. שעהנפעלד, היס־טאָריקער פן דער יוניאָן, איז יעקב סאַפּירשטיין געווען דער ענערגישסטער און גרויסצוגיקסטער פון אַלע אידישע צייטונג־אַרויסגעבער אין אַמעריקע.

ווי מיר זעען פון אַט דער איבערזיכט, איז שוין פאַר דער מלחמה דער אידישער ציטונג־דרוק געשטאַנען אויף אַ הויכער שטופע פון טעכנישער אַנטוויקלונג. דער גרויסער אויפשוואונג פון דער פרעסע אין די מלחמה־יאָרן, די „פּראָספּעריטעט"־עפּאָכע, און די כסדר'דיקע פאַרפולקאָמונגען אין דער ציטונג־טיפּאָגראַפיע האָבן אין די לעצטע 15—20 יאָר דערהויבן דעם אידישן ציטונג־דרוק אין ניו יאָרק צו אַ זייער איינפלוסרייכן אָרט אין דער אַמעריקאַנישער טיפּאָגראַפישער פּראָדוקציע. אין די צוויי הויפּט־צענטרען פון דער אידישער אַמעריקע, אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, האָבן די אידישע שריפטזעצער יוניאָנס זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שטאַרקן גייסט פון קאַמף־מוט און אַר־בעטער־סאָלידאַריטעט. עס איז ניט געווען קיין איינציקע אַרבע־טער־זאַך, אין דער אידישער ווי אין דער אַלגעמיינער אַמערי־קאַנער אַרבעטער באַוועגונג, אין וועלכער אַט די צוויי אידישע זעצער־יוניאָנס האָבן זיך ניט באַטייליקט. דאָס זיינען גוט־באַקאַנטע דערגרייכונגען פון אידישן שריפטזעצער אין אַמעריקע. ווייניקער באַקאַנט זיינען אָבער יענע פאַקטן, וואָס באַווייזן, אַז אויך ביי די אַמעריקאַניש־אידישע זעצער, אָדער אין מאַנכע פון זיי, לעבט ווייטער יענע שטרעבונג צו טעכניש־קינסטלערישער פאַרפול־קאָמונג אין דער טיפּאָגראַפישער מלאכה, וועלכע האָט שטענדיק באַזעלט די בעסטע פאַרטרעטער פון דער דרוקעריי־אַרבעט ביי אידן. אמת, אין די באַדינגונגען פון אַזאַ מאַסן־פּראָדוקציע און אַרבעט־בהלה, ווי דער אַמעריקאַנער ציטונג־דרוק, קען גאָרניט געמאָלט זיין יענע אינטים־האַרציקע, מיט אַ געפיל פון „מלאכת הקודש" דורכגעדרונגענע באַציאונג צו דער דרוקער־אַרבעט, וועלכע האָט אַמאָל אַזוי אייגנאַרטיק כאַראַקטעריזירט די פאַר־צייטיקע אידישע זעצער און דרוקער. אָבער אפילו אין אונזערע מעכאַניזירטע אַמעריקאַנער אומשטענדן רייסט זיך פון צייט צו צייט אַרויס. ביי דעם אָדער יענעם זעצער, אַ גייסטיקע ענערגיע און טיפע ליבע צו זיין מלאכה, צו דער טיפּאָגראַפישער קונסט בכלל. אַט נעמט, למשל, די פאַלגנדיקע שטריכן פון אַ פאַר־שטאָרבענעם אידישן שריפטזעצער אין שיקאַגאָ, דוד טאָקער (גע־שטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק), ווי דאָס גיט איבער זיין נאָ־ענטער פאַד־קאָלעגע. „צו זיין פאַך האָט ער זיך באַצויגן מיט ליבע און פאַכמאַנשאַפט. ניט נאָר האָט ער זיך צוגעהערט צו זיין לאַי־נאָטאַיפּ מאַשין, ווי אַ קינסטלער־מוזיקער צו זיין פידעלע — גוט

אָנגעצויגן, פיין אָנגעשטעלט, מפונק׳יש ריין און זויבער — ער האָט זיך, טראָץ דעם, וואָס ער איז ניט געווען קיין האַנט־זעצער, זייער שטאַרק אינטערעסירט מיט די פאַרשיידענע מינים בוכ־שטאַבן און געהאַט אמת הנאה פון יעדן נייעם מין בוכשטאַב, וואָס איז דערשינען אין דער שריפט־גיסעריי. ער פלעגט פאַר־ברענגען שעה׳ן לאַנג אין די פאַך־פאַבריקן און באַאָבאַכטן און אויסהערן דערקלערונגען מיט אַן אומבאַשרייבלעכן אינטערעס״.

פון די דערינערונגען וועגן דוד טאָקער ע״ה, וועלכע זיינען גע־דרוקט אין דעם יובליי־זשורנאַל פון דער שיקאַגער שריפטזעצער יוניאָן (1926—1936), זעט מען, אגב, אַז גראָד אָט די זייט פון זייער קאָלעגע׳ס וועזן האָט געלאָזן טיפע, אומפאַרגעסלעכע שפּורן ניט ביי איינעם בלויז, נאָר ביי אַ סך פון די פאַך־חברים. ז

און אויך דאָ אין ניו יאָרק זיינען צווישן די אידישע שריפט־זעצער געווען, ווי דער לייענער וועט זען, עטלעכע ביי וועלכע דער אינטערעס צו טעכנישער פאַרפולקאָמונג, צו עקספּערימענטן מיט מאָנאָטאַיפּ־זאַץ א. אַז. וו., איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז פון זייערע אייגענע קרייזן זיינען געמאַכט געוואָרן פּראָבעס אויפצוהייבן דעם דרוק־וועזן ביי אידן אויף אַ העכערע שטופע פון פיינקייט און גע־שמאַק. אין די אומשטענדן פון ריזיג־גרויסן פאַרנעם פון צייטונג־דרוק דאָ אין ניו יאָרק, איז עס אָבער גאַנץ נאַרמאַל, אַז די הויפּט־כחות פון די אידישע דרוקער־אַרבעטער זאָלן גיין אויף דער אַנט־וויקלונג און פאַרשענערונג פון דער צייטונג־טיפּאָגראַפיע. ניו יאָרק האָט ניט צו זיך אין דער דאָזיקער באַציאונג, ווירקלעך, קיין צווייטע שטאָט אין דער גאַנצער אידישער וועלט. דאָס וואָס ווילנע איז געווען אין דעם לעצטן יאָרהונדערט פאַרן אידישן בוך, איז ניו יאָרק אינם לעצטן פערטל־יאָרהונדערט געוואָרן פאַר דער אידישער צייטונג — דער מוסטער־צענטער, פון וועלכן ס׳קומען אַרויס די סטאַנדאַרדס פון אַ זויבערער, פאַרנעמער, עלעגאַנטער דרוק־אַרבעט, לויט די בעסטע פאַכמענישע מעגלעכקייטן פון דער צייט. אומגע־הייער שטאַרק איז געווען די ווירקונג פון דער אַמעריקאַנישער צייטונג־טיפּאָגראַפיע אויף דער טעכנישער אַנטוויקלונג פון אידישן דרוק־וועזן. יעדער וואָס וועט פאַרגלייכן דעם צושטאַנד פון די אַמעריקאַניש־אידישע דרוקערייען און צייטונגען פון פאַר פופציק יאָר מיטן היינטיקן, וועט שטוינען, ניט אַזוי איבער דעם וואונדער־באַרן וואוקס אין כמות, אין קוואַנטיטעט פון דרוק־אַרבעט ,ווי אי־בער דעם מערקווירדיקן קוואַליטעט־פאַרשריט. דער שלעכטער און

אַרימער טיפּאָגראַפישער מאַטעריאַל (ניט זעלטן האָבן אויסגעפּעלט אותיות אין די שריפט־קאַסטנס אויסצוזעצן די פּאָר זייטן פון אַ צייטשריפט), די ביליקסטע סאָרטן פּאַפּיר און דרוק־טינט, די שלעכטע פּרעס־אַרבעט, דער מיאוס׳ער „מעיק אַפּ״, — דאָס אַלץ האָט ממש געריסן די אויגן אין יענער צייט, אין די 80ער און 90ער יאָרן. און היינט — ווער געדענקט גאָר אַזוינע זאַכן! ? היינט, ווען די טיפּאָגראַפישע צייטונג־טעכניק האָט אַזוי פּראָגרעסירט, און ווען די אידישע פּרעסע אין ניו יאָרק איז, אַדאַנק איר גוואַלדיקן פאַרנעם און אָפּגאַנג, געוואָרן אויסגעשטאַטעט מיט די מאָדערנסטע טעכנישע איינריכטונגען, — טראָגן די גרויסע אידישע צייטונגען, מיט זייער גלאַטן, קלאָרן און זויבערן טעקסט, מיט זייער פיינעם בילדער־דרוק, דעם פּנים פון אַ באמת ערשט־קלאַסיקן פּראָדוקט פון דער צייטונג־טיפּאָגראַפיע. אמת, דער דאָזיקער רעזולטאַט איז געקומען פיל מער פון דער מעכאַניזאַציע פון די אַרבעט־פּראָצעסן ווי פון דער האַנטווערק־מייסטערשאַפט און אינדיווידועלער פע־היקייט. אַנשטאָט דעם אַמאָליקן האַנטזאַץ, אַרבעט מען היינט כסדר מיט זעץ־מאַשינען און מיט סטעראָטאַיפּ. אַלע נייע און נייערע טעכנישע איינפירונגען פאַרבייטן די מענשלעכע ענערגיע און מי. דער פריער באַשריבענער „לאַדלא־זאַץ״ אַפּאַראַט מאַכט למשל איבעריק דעם האַנט־זאַץ אפילו פאַר אַזעלכע אַרבעטן, ווי צו זעצן קעפּלעך און קעפּ פון צייטונג־אַרטיקלען, בוך־קאַפּיטלעך, אַנאָנסן א. ד. גל. ליניעס, דער געברויכבאַרסטער טיפּאָגראַפישער מאַטע־ריאַל נאָך דרוק־שריפט, ווערט פאַרפערטיקט, בלאַנק און בליק, פון ספּעציעלע מאַשינען. אַלץ ווערט אויסגעגאָסן פון טיפּאָגראַפישן מעטאַל, אָט דער „פּראָטעאוס״, דער מכשף, וואָס נעמט אָן כלערליי פאָרמען, געשטאַלטן און דינט פאַר אַלערליי צוועקן — היינט פאַר דער טומאה, און מאָרגן פאַר קדושה — לויט דעם ווילן און כח פון שריפטזעצער ביי דער לאַינאָטאַיפּ־מאַשין. אַנשטאָט פון איינצלנע אותיות און שורות, באַשטייט די צייטונג־פאָרם וואָס גייט אַריין אין פּרעס, פון איין גרויסער שטיק בלאַי — אַ פּראָדוקט פון אַ סך מעכאַנישע פּראָצעסן, פון וועלכע די זעצעריי איז בלויז איינער, הגם דער וויכטיקסטער און פונדאַמענטאַלסטער פון אַלע. און די ריזיק־גרויסע ראָלן פּאַפּיר גייען אַריין אין די ראָטאַציע־דרוקפּרעסן, פון וועלכע ס׳קומען אַרויס אין אַ פּאָר שעה צייט הונדערטער טויזנטער קאָפּיעס פון די פיין־געדרוקטע צייטונג־בלעטער.

אָט אַזוי איז דער צייטונג־דרוק געוואָרן דער הויפּט־טרעגער

פון טעכניש־טיפּאָגראַפישן פּאָרטשריט ביי די אידן אין אַמעריקע דאָס מוז און וועט אַזוי בלייבן, כל זמן אַ סך העכערע סטאַנדאַרדס, ווי ביז איצט, וועלן ניט אַרויסגעשטעלט ווערן צו דער טיפּאָגראַפיש־קינסטלערישער זייט פון דער אידישער בוך־דרוק אַרבעט. אָט זעען מיר אפילו איצט, אַז דורך דעם צייטונג־דרוק גופא ווערט דער גאַנצער אידישער דרוק־וועזן אין אַמעריקע באַרייכערט מיט נייע סאָרטן שריפט פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן קינסטלערישן ווערט. אַזוי למשל קומען אָן פון וואַרשע אין דער לעצטער צייט נייע אַסאָרטומענטס פון אותיות פאַר קעפּלעך א. ד. גל. אין דער אָדער יענער פון די היגע גרויסע אידישע צייטונגען. דאָס איז בלויז איינער, און ניט דער גרעסטער, באַוויז, אַז דער הויך־אַנטוויקלטער צייטונג־דרוק קען, אין די אַמעריקאַניש־אידישע באַדינגונגען, זיין אַ סגולה פאַרן פּראָגרעס פון דער טיפּאָגראַפישער מלאכה און קונסט בכלל.

מיר קענען אָבער האָפן אויף אַ צייט, ווען אפילו דער בוך־דרוק, וועלכער איז אי עלטער, אי פאַרשידנאַרטיקער פון צייטונג־דרוק, וועט אויך אין דער אידישער אַמעריקע שפּילן אַ גרויסע און חשוב'ע ראָלע, סיי ווי אַן אַרבעט־פעלד פאַרן אידישן שריפט־זעצער, סיי ווי אַ פאַרקערפּערונג פון פיינער, קינסטלערישער און מער אָנציענדער דרוק־אַרבעט ביי די אַמעריקאַנער אידן.

## באַמערקונגען

[1] צבי־הירש גרשוני (הענרי גערסאָני) האָט געשטאַמט פון אַ חשוב'ער מיוחס־דיקער משפחה אין ווילנע, וואו ער האָט געלערנט אין ישיבות און ראַבינער־אינסטיטוט, און שפּעטער אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט אין פּעטערבורג. דאָרט האָט ער זיך (צוליב אַ ליבע) גע'שמד'ט. גלייך האָט ער חרטה געהאַט, און האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד אויף שטענדיק. נאָך לאַנגע וואָגלענישן קומט ער קיין לאָנדאָן און פאַלט אַריין צו מיסיאָנערן, פון וועלכע ער לערנט זיך אויס שריפטזעצעריי. אַנטלויפט שפּעטער פון די מיסיאָנערן קיין פּאַריז, און קומט פון דאָרט קיין אַמעריקע. נעמט זיך דאָ צו פאַרשידענע פּרנסות. ווערט דער ערשטער זעצער פון דער ערשטער צייטונג אין אידיש. שפּעטער טרעט ער אַרויס פאַר דער עפנטלעכקייט ווי אַ טעמפּל־פּרעדיקער און אַרויסגעבער פון צייטשריפטן און ביכער אין ענגליש, דייטש און העברעאיש. האָט אויך מיט־געאַרבעט אין די ערשטע אידישע צייטונגען אין אַמעריקע. (ז. זלמן רייזען, „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע", ווילנע, 1928, ב. 1, ז. 653־655).

[2] ב. וויינשטיין: די אידישע שריפטזעצער יוניאָן, אין „אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע״, ניו יאָרק, 1929, זז. 137־142.

[3] כ. צ. שרהזאָהנ׳ס זכרונות זיינען געווען געדרוקט אין זיין צייטונג צום צוואַנציקסטן יובילעי פון די „גאַזעטן״, אין 1894. זיי זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן מיט אַן אַריינפיר פון משה שטאַרקמאַן אין „אַמאָפּטייל יאָרבוך״, באַנד 1, ניו יאָרק, 1937, זז. 273־295 (אויסגאַבע פון אַמעריקאַנער אָפּטייל פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט).

[4] אלעקסאַנדער הארקאווי: אַמאָהל און היינט: אַ קורצער בליק אויף אידישע דרוקערייען און צייטשריפטן אין אַמעריקע מיט 20 יאָהר צוריק. אין „דער טעאַטער זשורנאַל און פאַמיליען פריינד״ (רעדאַקטאָר: ב. גאָרין). ניו יאָרק, באַנד 2, נומ. 9, 1טער יאַנואַר 1903; נומ. 10, 15טער יאַנואַר, 1903.

[5] משה שטאַרקמאַנ׳ס איבערגעדרוקטע „שרהזאָהנ׳ס זכרונות״ אין אַמאָפּטייל יאָרבוך, ב. 1, זז. 288־289.

[6] משה שטאַרקמאַן: די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע 1875־1885, אין „פּרעסע־זאַמלבוך״, אַמאָפּטייל, ניו יאָרק, 1937, זז. 126־130.

[7] נ. שרהזאָן: אונדזער „שטילער״ גאַסט. אין „דער אידישער שריפטזעצער״, אַרויסגעגעבן פון שיקאַגאָ היברו טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, לאָק. 903, אַ. טי יו. צו דער געלעגנהייט פון 10־יאָריקן יובילעי, פעברואַר, 1936.



דרוקער־צייכן פון דזש. גריפיאָ, וועניציע



פון לובלינער ז ו ה ר , 1623

# אויסגעקליבענע ביבליאָגראַפיע

## I

ב. פרידבערג, תולדות הדפוס העברי (איטאליה, אספמיה) אנט־ווערפן, 1934, 140 ז. 31 פלעיטס.

A. Freimann: *Thesaurus typographiae hebraic. saeculi XV*, Berlin, 1924, 8 prts.

M. Steinschneider & O. Cassel: *Juedische Typographie und juedischer Buchhandel* (Ersch & Gruber's "Allgemeine Encyklopedie der Wissenschaften u. Kuenste", Teil 28) Leipzig, 1851. Photostatic reprint published in Jerusalem recently.

D. W. Amram: *The Makers of Hebrew Books in Italy*, Philadelphia, 1909, with 54 illustrations.

Joshua Bloch: *Venetian Printers of Hebrew Books*, New York Public Library, 1932. 24 pp.

*Ibid. Early Hebrew Printing in Spain and Portugal*, New York Public Library, 1938, 49 pp.

Alexander Marx: *Some Notes on the Use of Hebrew Type in Non-Hebrew Books*, 1475-1520, in "Bibliographical Essays; a Tribute to Wilberforce Eames", Cambridge, Mass., 1924.

Moses Marx: *Gershom Soncinos Wanderyears in Italy*, 1498-1527. In "Hebrew Union College Annual", Vol. xi, Cinncinnati, 1936.

## II

י. מ. זאַלקינד, די געשיכטע פון דער אידישער בוך־דרוקעריי, אין זשורנאַל „רענעסאַנס", לאָנדאָן, יאַנואַר, פעברואַר, מערץ, יוני 1920.

ב. פרידבערג, תולדות הדפוס העברי (אַמסטערדאַם, אַנטווערפּן, בזליאה) אַנטווערפּן, 1937, 123 ז.

P. S. DaSilva Rosa: *Joseph Athias*, "Soncino Blaetter", Bd. 3, Nn. 2-4, pp. 107-112, Berlin, 1930.

H. Meyer: *Index Topo-Bibliographicus* (*Beitrag zur Geschichte des hebr. Buchdrucks*), "Soncino-Blaetter", Bd. 3, Nn. 2-4, pp. 167-182, Berlin, 1930.

Joseph Jacobs: *Typography*, "Jewish Encyclopaedia", New York, Vol. 12, pp. 295-335.

И. Берлин: *Типографское Дело у Евреев.* "Еврейская Энциклопедия," СПБ, 1910, Т. 14, стр. 849-863.

J. Sonne: *Druckwesen*, Encyclopedia Judaica, Berlin, 1930, Bd. 6, pp. 39-70.

## III

מ. באַלאַבאַן, צו דער געשיכטע פון יידישע דרוקערייען אין פוילן, אין זיין בוך „יידן אין פוילן", ווילנע, 1930 זז. 183-236.

ב. פרידבערג, תולדות הדפוס העברי בפולניא, אַנטווערפּן, 1932. אויך רעצענזיעס איבער אַט דעם בוך פון: פנחס קאָן, אין איוואָ בלעטער, (ווילנע), ב. 6. נומ. 1, 1934, און פון יצחק ריבקינד, אין קרית ספר (ירושלים), 1934, ז. 384-395.

ע. רינגעלבלום, יאָהאַן אַנטאָן קריגער, דער נייהאָפער דרוקער פון העברעאישע ספרים אין „איוואָ בלעטער", ב. 7 נומ' 1—2, סעפּט. 1934, זז. 88-109.

שאול גינזבורג, צו דער געשיכטע פון אידישן דרוקוועזן אין "היס־טאָרישע ווערק", ב. 1, זז. 48-62, ניו יאָרק, 1937.

דערזעלבער, די סלאַוויטער דראַמע, אַ סעריע אַרטיקלען אין ניו יאָרקער „פאָרווערטס", דעצ. 12, 1937 ביז פעב. 27, 1938.

## IV

Raphael Frank: *Ueber hebraeische Typen und Schriftarten, Berlin,* 1926, 39 pp.

Ellic Howe: *An Introduction to Hebrew Typography,* "Signature", London, March, 1937, pp. 12-29.

K. Luethi: *Hebraeisch in der Schweiz,* Bern, 1926.

H. Meyer: *Unsere neue hebraeische Type,* "Mitteilungen der Soncino Gesellschaft", No. 1, Berlin, Maerz, 1928, pp. 4-7.

Horodisch: *Neue Typographie,* "Mitteilungen der Soncino-Gesellschaft", Berlin, October, 1932, pp. 41-46 mit Schriftproben Joseph Kaplan's, Warschau, und J. Shonfield's, London).

## V

**א. ליטווין** (ש. הורוויטש), די עלטסטע אידישע דרוקעריי און דער עלטסטער זעצער, אין „לעבען און וויסענשאַפט" נומ. 5-6, ווילנע, 1912.

**פּ. קאַן,** די התחלה פון יידישן דרוק־וועזן און די ערשטע יידישע זעצער אין גראָדנע און ווילנע אין „יובל־בוך פון פּראָפעס. פאַראיין פון דרוקער אַרבעטער אין ווילנע (1906-1936)" ווילנע, זז 11-19.

**א. פרידקין,** צו דער געשיכטע פון דער אידישער דרוקער־אַרבע־טער באַוועגונג אין ווילנע (ווילנער יובל־בוך, 1936) זז. 20-34.

**ש. קאַהאַן,** אַלטע זעצער דערציילן, „ווילנער יובל־בוך", 1936, זז. 44-50.

**מ. ציאַרקאָ,** פון אַמאָליקן דרוקער־לעבן, „ווילנער יובל־בוך", 1936, זז. 5-67.

**לאָזער קלאָג:** 50 יאָר לעבן. יובילײ־זאַמלבוך, אַרויסגעגעבן דורך דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון דרוקער־אַרבעטער, וואַר־שע, 1938.

## VI

**הערמאַן פראַנק,** דזשאָזעף אישיל — אונזער קינסטלער בוך־דרוקער אין „פרייע אַרבעטער שטימע", ניו יאָרק, 27 דעצ. 1929.

Douglas C. McMurtrie: *The Book, The Story of Printing and Bookmaking,* New York, 1937, 676 pp.

D. B. Updike: *Printing Types, Their History, Forms and Use* (A Study in Survivals), 2 vols., Cambridge, Mass., 1937.

זאַמל־בוך: צו דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע, רעדאַקטירט פון דר. יעקב שאַצקי, ניו יאָרק, 1934. אַרויסגעגעבן פון דער אידישער קולטור־געזעלשאַפט.

זאַמלבוך לכבוד דעם צוויי־הונדערט און פופציקסטן יובל פון דער יידישער פרעסע: 1936-1686. רעדאַקטירט פון דר. יעקב שאַצקי, 1937, אַמאָפּטייל פון יידישן וויסנשאַפט. אינסטיטוט.

יאָרבוך פון אַמאָפּטייל, ב. 1, רעדאַקטירט פון ד״ר א. מוקדוני, ד״ר יעקב שאַצקי. יידישער וויסנשאַפטל. אינסטיטוט, אַמעריקאַנער אָפּטייל, ניו יאָרק, 1938.

סואווועניר־בוך: 1923-1888, היברו־אַמעריקאַן טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, 83, א. ט. יו., ניו יאָרק, 1923.

ש. שיינפעלד: די געשיכטע פון דער יוניאָן, אין „50 יאָר אידישע שריפטזעצער־יוניאָן אין ניו יאָרק, 1938-1888״.

„דער אידישער זעצער״, אַרויסגעגעבן פון שיקאַגער היברו טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, לאָקאַל 903, א. ט. יו., שיקאַגאָ, אויגוסט, 1926.

„דער אידישער שריפטזעצער״ (10 יאָר היברו טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, לאָקאַל 903) שיקאַגאָ, פעברואַר, 1936.



וויניעטקע פון אידישער דרוקעריי
אין הרוביעשאָוו, פוילן